Rolland, Romain.
Danton : drame in dray aktn fun der Frantsoyzisher revolutsye
Varshe, 1928.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1895.5

**Rolland, Romain, 1866-1944.**
Danton : drame in dray aktn fun der Frantsoyzisher revolutsye
Varshe : H. Bzshoza, 1928.
135 p. 23 cm.

1. Danton, Georges Jacques, 1759-1794--Drama. 2. French drama--Translations into Yiddish. 3. France--History--Revolution, 1789-1799--Drama.
I. Rapoport, O., 1895-1971. II. Poland-Warsaw.

ID : NXYH01-B21757 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /13446

Reduction ratio X 10.0

ראָמען ראָלאַן

# דאַנטאָן

דראַמע אין דריי אַקטן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

פון פראַנצויזיש: י. ראַפּאָפּאָרט

פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ
ווארשע 1928

ראָמען ראָלאַן „דאַנטאָן“

ראָמען ראָלאַי

# דאַנטאָן

דראַמע אין דריי אַקטן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

פון פראַנצויזיש: י. ראַפּאָפּאָרט

מיט אַ פאָרוואָרט פון איבערזעצער

מיין פאָטער

פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ
וואַרשע 1928

• •
•

אויפן סאַמע שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין 1900,
האָט ראָמען ראָלאַן אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר באַנייען דעם פראַנ-
צויזישן טעאַטער, צו מאַכן פון אים אַ פ אָ ל ק ס - ט ע אַ ט ע ר.

דעם טעאָרעטישן רעזיומע פון דאָזיקן קאַמף געפינען מיר
אין ראָלאַנס אינטערעסאַנטן בוך „דאָס פאָלקס - טעאַטער”. מיר
קענען דאָ, ליידער, אײליק אָנווייזן בלויז אויף אייניקע גרונט-
געדאַנקען פון ראָלאַנס אינטערעסאַנט ווערק.

פ אָ ל ק ס - ט ע אַ ט ע ר באַדייט פאַר ראָלאַנען עפּעס אַנ-
דערש, ווי ביי די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן: נישט מעגלעך
מאַכן פאַרן פאָלק דעם צוטריט צום דעגענערירטן, נערוון - קיצל-
דיקן בורזשואַזן זנות - טעאַטער, נאָר שאַפן פאַרן פאָלק אַ „מעג-
לעכע, שטאַרקע טעאַטער - קונסט, וואָס זאָל אויסדריקן דעם קאָ-
לעקטיוון לעבן”. דאָס דאָזיקע פאָלקס - טעאַטער איז פאַר ראָלאַ-
נען אַ „דרינגנדי קער אויסדרוק פון אַ נייער געזעלשאַפט”, וועלכע
מוז שאַפן אַ נייע קונסט, פאַר אַ נייער וועלט”. און אַלס מאָטאָ
פאַר זיין ווערק נעמט ראָלאַן שילערס ווערטער, וועלכע ער האָט
מיט אַ יאָרהונדערט פריער געשריבן צו געטע: „דאָס נייע איז
געקומען, דאָס אַלטע איז פאַרגאַנגען”.

מיטן וווּקס פון סאָציאַליזם איז אַרויסגעטרעטן אויף דער
לעבנס - בינע דער ביז איצט שטומער, פאַרבאָרגענער טרעגער
פונם וועלט - געשעען — ד אָ ס פ אָ ל ק. און די בורזשואַזיע,
וועלכע שרעקט זיך פאַרן דאָזיקן נייעם סוווערען, באַמיט זיך אויס-



Printed in Poland
DANTON
Romen Roland
Wyd. Ch. Brzoza, Warszawa 1928.
Drukarnia „Hacefira“ Leszno № 54.

צופּענען פאַר אים וואָס ברייטער די טירן פון איר טעאַטער (וועלכן זי גיט אַ צוציענדיקן נאָמען: פאָלקס-טעאטער), און דערדאָזיקער קראַפט, וואָס פון איר איז אָפּהענגיק די ווידערגעבורט פון דער ראַסע – פון דער מענטשהייט — דראָט די סכנה פאַרזונקען צו ווערן אין תהום פון דער בורזשואַזער אַמוזירונגס-קונסט. אָבער דאָס פאָלק נויטיקט זיך אין אַ גאַנץ אַנדער קונסט, ווי אַנדערש עס איז אין זיין וועזן און אין זיין גורל פון דער דעגענערירטער, אפּגעשפּילטער בורזשואַזיע: עס מוז האָבן אַן אייגענעם טעאַטער, וועס זאָל „טיילן דאָס ברויט פון פאָלק, זיינע זאָרגן, זיינע האָפנונגען און זיינע קאַמפן". דאָס אמתע פאָלקס-טעאַטער מוז דאָס פאָלק גישט אַמוזירן און ווייך מאַכן, נאָר וועקן זיין באַגייסטערונג און זיין טאַט-קראַפט, דערשיטערן אים ביז אין ד, טיפעניש, דאָס טעאַטער, וואָס איז די אוממיטלבאַרסטע, סוגעסטיוו-ווירקזאַמסטע קונסט פאַר די מאַסן, מוז זיי אַרויסרייסן פון זייער גרויער טאָג-טעגלעכקייט און מיטרייסן זיי צו די הויכן פון העראָישע שיקזאַלן; נאָכמער: די אויפגאַבע פון טעאַטער איז, אַז די מאסע זאָל זיך זען אָפּגעשפּיגלט אין אים אין אירע העכסטע מאָמענטן, ווען זי ווערט געטראָגן דורך רעוואָלוציאָנערן שווונג צו שעפערישע מעשים. ווייל גאָר דידאָזיקע אייגענע נשמה-יתירהדיקע געשטאַלט וועט אויפוועקן די בענקשאַפט פון פאָלק נאָך די ליכטיקע פונקען פון זיין פארגאַנגנהייט און דאָס איז אַ גאַראַנטיי פאַר דער צוקונפט.

דאָס פאָלקס-טעאַטער דאַרף אַרויסרייסן דאָס פאָלק פון זיין אַלטעגלעכקייט, אָבער נישט פון לעבן, ווי דאָס ווילן די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן, וועלכע ווילן פאַרוויגן דאָס פאָלק מיט פאָלקס-פאָרשטעלונגען פון די קלאַסיקער און שרייען, אז דאָס טעאַטער דאַרף זיך נישט מישן אין פאָליטיק. אָבער ראָלאַן ווייזט אויף אויף אַ ביישפּיל פון מאָליערס ט אַ ר ט י ו ף, ווי אַזוי „מ'פירט אריין פון הינטן אַרום פאָליטיק אין די פאָרשטעלונגען פון די קלאַסיקער, כדי צו פאַראינטערעסירן דאָס פאָלק". „טאָ האָט זשע דעם מוט מודה צו זיין", — רופט אויס ראָלאַן, — „אַז די פאָליטיק, וועלכע אייך ווילט זיך נישט איז די, וועלכע באַקעמפט אייך".



ראָמען ראָלאַן איז נישט בלויז אַ טעאָרעטיק, נאָר אויך אַ מענטש פון טאַט. קאָנסטרוּירנדיק אַן אידעאַל פון אַ פאָלקס-טעאַטער (וועלכן כ'האָב צום באַדויערן געמוזט סקיצירן אין אַלגעמיינע ווערטער), האָט ראָמען ראָלאַן גענומען זוכן אין וועלט-רעפּערטואַר פּיעסן, וועלכע זאָלן קענען אויפגעפירט ווערן אין זיין טעאַטער, און געפינענדיק גאַנץ ווייניק פון דעם, וואָס ער האָט געזוכט, איז ער אַליין צוגעטראָטן אויסצופילן דעם בלויז. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דער תקופה פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און וויל שאַפן אַ ציקל פון 10 דראַמעס — „די איליאַדע פון פראַנצויזישן פאָלק" — וואָס זאָלן איבערגעבן דעם קאַטאַקליזם פון דער מענטשלעכער געשיכטע — די רעוואָלוציע — נישט אין איר לאָקאַל-פאַרגאַנגענער געשיכטלעכער געשטאַלט, נאָר אַלס אַן אייביקע דערשיינונג אין דער געשיכטע. ווייל פאַר ראָלאַנען הייסט אַ געשיכטלעך קונסט-ווערק נישט די, וואָס איז געטריי דעם געשיכטלעכן אות, נאָר די, וואָס איז געטריי דעם אייביקן געשיכטלעכן אמת, ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, אַז אַ געשיכטלעך קונסט-ווערק, בפרט דאָס דינאַמישסטע — די דראַמע, דאַרף איבערגעבן נישט דאָס צייטלעכע פון דער געשילדערטער תקופה, נאָר איר אומשטערבלעכן גייסט, די אייביקע באַוועג-מאָטיוון פון מענטשלעכן געשיכטלעכן גורל, איר אייביקע טראַגיק און איר אייביקע דערהויבונג — די מענטשלעכע העראָישע טאַט, די מענטשלעכע לעגיטימירונג אַלס מענטש.

דידאָזיקע גראַנדיעזע עפּאָפּעע איז געבליבן נישט פאַרענדיקט. בלויז מאָנומענטאַלע פראַגמענטן באַזיצן מיר פון דאָזיקן בר ט-פאַרטראַכטן ווערק,*) — און איינס פון די ווערטפולסטע פראַגמענטן איז די דראַמע „דאַנטאָן".

*) ערשט מיט אַ דריי יאָר צוריק האָט זיך ראָלאַן ווידער גענומען פאַר זיין גראַנדיעזן פּלאַן און אונז געשאָנקען אַ וווּנדערבאַר ווערק „די שפּיל פון ליבע און טויט". לאָמיר האָפן, אַז דער גרויסער שרייבער וועט אונז שענקען אין זיין רייפער יוגנטלעכער אַלטקייט אַ פאַרענדיקט ווערק, וועלכעס ער האָט אָנגעשריבן אין זיין שוימענדיקער יוגנט.

די צו ענגע ראַמען פון דאָזיקן פאָרוואָרט דערלויבן נישט זיך אָפּצושטעלן גענויער אויף אַלע פּראַקטיק־געשניצטע הויפּטפּערזאָנען און אויף דעם רייכן געדאַנקלעכן אינהאַלט, וועלכן זיי רעפּרעזענטירן. כ׳וואָלט אָבער וועלן אַרויסשיילן דעם לייט־מאָטיוו פון דערדאָזיקער דראַמע, וועלכע טראָגט דעם צוויבער־נאָמען: ד א נ ט אָ ן*).

„דאַנטאָן" געהער צו די טיילן פון דער עפּעפּע, ווען די שפּעפּרישע פאָלקס־כוואַליע געפינט זיך אין אַפּפלוס און אויף דער אויבערפלאַך זענען געבליבן אַ ריי פּערזענלעכקייטן, וועלכע די דאָזיקע כוואַליע האָט אַרויסגעטראָגן אויף איר שפּיץ. דער עקסטאַזמאָמענט פון דער רעוואָלוציע, וועלכער שאַפט, איז אַריבער, — ס׳איז אָנגעקומען דער אינדערוואַכן פון דער רעוואָלוציע, ווען דאָס געשאַפענע ווערט פאַרצערט, צעפּרעסן. און די פירער פרעסן זיך איינע די צווייטע, — צוזאַמען מיט דער רעפּובליק.

ד א נ ט אָ ן, אַליין אַ שטיק פאָלק. געפינט זיך אויך אין אָפּפלוס. אים עקלט פון בלוט־גערוך, וואָס טראָגט זיך איבער גאַנץ פראַנקרייך. כל זמן ס׳איז נויטיק געווען, האָט ער גענומען אויף זיינע אַטלעטישע אַקסלען אַלע פאַרברעכנס, אָבער איצט וויל ער זיך און דעם פאָלק געבן רו — ער וויל איינשליסן אין זיינע מעכטיקע אָרעמס אַלע, — די פריינט און די באַזיגטע שונאים, ווייל שנאה איז אָרגאַניש פרעמד דעמדאָזיקן ריזיקן קינד. ער וויל נישט, זיין ווערק זאָל צעשטערט ווערן צוליב דער ענגהאַרציקער חשדישקייט פון אַ ראָבעספּיער.

און ווען ראָבעספּיער צווינגט אים אויף דעם קאַמף, באַפאַלט דעמדאָזיקן פריילעכן „אַטלעט פון דער רעוואָלוציע" אַ טיפער טרויער. „אָ רעפּובליק! זיך אַליין צעשטערן. צעשטערן דאָס ווערק פון די אייגענע הענט... זיגער, אָדער באַזיגטער, וואָס איז די נפקא מינה? — אין ביידע פאַלן — באַזיגטע.

*) די לייענער, וועלכע ווילן זיך באַקענען נענטער מיט דערדאָזיקער היסטאָרישער געשטאַלט, זאָלן איבערלייענען דעם פּרעכטיקן קאַפּיטל „דאַנטאָן און ראָבעספּיער" אין י. נ. שטיינבערגס „דאָס מאָראַלישע פּנים פון דער רעוואָלוציע"



דערדאָזיקער באַוווסטזיין, אַז זיין זיג וועט זיין בלויז אַ ענג־פּערזענלעכער און וועט סיי ווי באַדייטן אַ מפּלה פאַר זיין לעבנס־זין, פאַרן קאַמפּס־זין — ווייל דער „וואַלד מוז אויסגעהאַקט ווערן" אין דאָזיקן קאַמף, ווייל די רעפּובליק מוז אונטערגיין — דערדאָזיקער באַוווסטזיין ליימט דעם ריז, דעם פריער קאַמפלוסטיקן. „כ׳האָב מער ליב די רעוואָלוציע, ווי זיך" זאָגט ער און לייגט אַוועק דאָס געווער.

דאַנטאָן קומט אום נישט פון שוואַכקייט, נאָר פון שטאַרקייט: ער האָט די גבורה זיך אָפּצוזאָגן פון באַרג־אַראָפּ, נאָך דעם וווּנדערבאַרן באַרג־אַרויף. ער זעט, אַז דאָס פאָלק געפינט זיך אין אָפּפלוס. ער זעט, אַז זיין לעצטער רוף צו אים: „פאָלק, מיר קענען אַלץ, מיר האָבן טריומפירט איבער מלכים, איבער די אַרמייען פון אייראָפּע! צום קאַמף! לאָמיר פאַרניכטן די טיראַנען", — האָט געטראָפן אויף אַ פאַסיוון צוקוקער, וואָס איז דאָ, „כדי צו אַפּלאָדירן דעם נצחון", און ער וויל נישט מיטגעשלעפּט ווערן מיטן אָפּפלוס פון פאָלק.

אָבער דאַנטאָן פאַרמאָגט אַזאַ סטיכישע קראַפט, אַז אַפילו זיין אונטערגאַנג, זיין אַנטוישונג אין דער פרייהייט, אין דערדאָזיקער „געטלעכער זונה", ווירקט נישט דערדריקנדיק, נעמט נישט אָפּ דעם מוט. ווייל מ׳שפּירט, אַז ביים צווייטן צופלוס פון דער כוואַליע איז דאַנטאָן ווידער גרייט אַרויפצושטייגן אויף איר שפּיץ, צו אירע שפּעפּרישע הויכן, דאַנטאָן, — דער שפּעפּרישער עלעמענט פון יעדער רעוואָלוציע.

---

די באַמערקונגען צום טעקסט זענען צוליב טעכנישע סיבות געמאַכט געוואָרן פאַרבייגייענדיק, ווי דער פאָרוואָרט. נישט אַלע נויטיקע באַמערקונגען זענען געמאַכט געוואָרן און נישט אַלע געמאַכטע באַמערקונגען זענען אויסשעפּנדיק. כ׳האָב אָבער אין לעצטן מאָמענט באַשלאָסן צו גיין מיטן כלל: „בעסער עפּעס, איידער גאָרנישט", און געגעבן דאָס, וואָס האָט זיך געלאָזט.

ראַפּאָפּאַרט

# פערזאָנען:

**דאַנטאָן,** 35 יאָר. — אַ שעקספּירישער גאַרגאַנטואַ*), פּריילעך און גראַנדיעז. אַ פּנים פון אַ בולדאָג, אַ שטימע פון א אָקס. דער שטערן שפּועדיק און אָפן, די אויגן העל - בלאָ, מיט אַ מוטיקן בליק, דער נאָז קורץ און ברייט, די אויבערשטע ליפּ פארקריפּלט דורך אַ שראַם, די קיגבאַקן שווער און מעכטיק. אַטלעטיש, סאַנגוויניש.

**ראָבעספּיער,** 36 יאָר. — מיטעלער ווּקס, דעליקאַטער קערפּער-בוי. שאַטענע האָר. טונקל - גרינע אויגן, גרויסע, שטאַרע און קורצזיכטיקע. גרויסע שפּאַקולן, פאַררוקט אויפן שטערן, אַ גלייכער נאָז, לייכט פאַרריסן ביים שפּיץ. בלייכע הויט. פיינע ליפּן, מיט אַן אויסדרוק פון פאַראַכטונג, באַאומרויקונג-נישט אומסימפּאַטיש.

**קאַמיל דעמולען,** 34 יאָר. — ברוינע אויגן, אַ ביסל קאַסאָק, לאַנגע שוואַרצע האָר. אַ בלייך, גאַליק, נישט רעגלמעסיק פּנים, אָנגעשוואָלן ביי די שלייפן. דער געזיכטס - אויסדרוק באַוועגלעך, פאַנטאַסטיש, פאַרפירעריש און אומעטיק, דורכגייענדיק די גאַנצע געפיל - סקאַלאַ, פון מילדקייט ביז פאַרקרימעניש. שטאַרק ווייבלעך, דאָ לאַכנדיק און דאָ וויינענדיק,

---

*) גאַרגאַנטואַ איז דער נאָמען פון הויפּט - העלד פון באַרימטן בוך אונטערן זעלבן נאָמען פון פראַנצויזישן סאַטיריקער ראַבלע. דער דאָזיקער נאָמען איז געוואָרן אַ שם - נרדף פון אַ מענטשן מיט אומגעזעטיקטע סענסועלע באַדערפעגישן. (דער איב.)

און צבאָל ביידעס צוזאַמען. ס'איז אומנויטיק איבערצוגעבן זיין שטאַמלען. אָבער זיין ריידן, זיינע באַוועגונגען, זיין פיזיאָנאָמיע האָבן אין זיך תמיד עפּעס אומזכּרעס, סתירה־דיקס.

**סען־זשיוסט**, 27 יאָר. — לאַנגע, בלאָנדע, אָנגעפּודערטע האָר, בלאָע אויגן. אַן אָוואַלעס געזיכט, מיט אַ פאַרלענגערטע גאָמבע. זיין אויסזען איז פון אַ יונגן אַריסטאָקראַטישן עגי־גלענדער, אַ רויקער, מיט אַ קאַלטן און אייזן־פעסטן ווילן. אין דער טיף, דאָס זידן פון אַ פאַנאַטישן גלויבן.

**הערא דע סעשעל**, 34 יאָר. — אַ שיינער, עלעגאַנטער מאַן. דער לעצטער פאָרשטייער אין קאָנווענט מיט מאַניערן און גייסט פון אַלטן רעזשים. אַ מישונג פון איראָניע און צאַר־טער פאַרגעבונג. זייער מילד, קען זיך גוט באַהערשן.

**בילאָ־וואַרען**, 38 יאָר. — פון הויכן וווקס, אַ לאַנג און בלייך געזיכט. אַ פאַריק פון רויטע האָר. ברייטע פלייצעס. אָנגע־כמורעט, פאַרזונקען אין פיקסע אידעען; דערדריקט פון מידקייט, דער בליק אָפט ווי צעמישט, מיט אויסברוכן פון משוגענער פאַרביטערונג.

**וואַדיע**, 58 יאָר.—„דער גאַסקאַנישער וואָלטער". אַ גרויסער, ביי־נערדיקער זקן; אַן אויסגעקרימטע נאָז, אַ שפּיציקע גאָמבע, געדיכטע ברעמען, אַ פיין מויל, גרויס און דין, דאָס געזיכט געל. „איינגעבויגן אין צווייען, הויבט ער אויף זיין ווייסן קאָפּ, כּדי גאַנץ שטיל אונטערצולאַכן, מיט אַ טרוקענעם, גרילצנדיקן גערויש, וואָס האָט וויברירט אָן אַ אָפּקלאַנג."

**פיליפּאָ**, 38 יאָר. — אַ מאָגערער, אַ קאַלט, שטרענג פּנים. גרויסע שוואַרצע אויגן. אַ לאַנגע נאָז. שיטערע צוגעגלעטע האָר. דער אויסדרוק — אַסקעטיש און העפּטיק.

**פאַבר ד'עגלאַנטין**, 39 יאָר.

**גענעראַל וועסטערמאַן**, 43 יאָר.

**פוקיע־טענוויל**, ע..נטלעכער באַשולדיקער.



**הערמאַן** פאָרזיצער פון רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל.

**גענעראַל האַנריאָ**.

**ליוציל דעמולען**, 22 יאָר. — אַ בלאָנדע, דראָבנע, מיט שוואַר־צע אויגן, געלאָקטע האָר. „באַוועגלעך ווי אַ שדל, ווייזנדיק די ציין ווי אַ קאַץ".

**עלעאָנאָר דיופּלעי**, 25 יאָר. — הויך־געוויקסיק, שטילע אויגן, ריינע קלאַסישע געזיכט־שטריכן. אונטער איר קאַלטקייט דערשיינט מאָמענטנווייז אַ זיך רויטלענדיקע נשמה.—„קאָר־נעלי קאַפּאַ".

**מאַדאַם דיופּלעי**, 59 יאָר.

דאָס פאָלק

אין פאַריז, מערץ — אַפּריל **1794**.

# ערשטער אַקט

## ביי קאמיל דעמולענען אין שטוב

א בורזשואזער סאַלאָן אין פאנטאַסטישן געשמאַק, ווי אַלע סטילן זענען אויסגעמישט אויף די ווענט — גראַוויורן פון XVIII-טן יאָרהונדערט. אויפן קאַמין א ביוסט פון א אַנטיקן פיליסאָף. אויפן טיש א קליין באַסטיליע. אין א ווינקל פון צימער א קינדער-וויגעלע. איין פענסטער איז אָפן. א גראָער טרויעריקער הימל. עס רעגנט. קאמיל און ליוציל, מיט איר קליין קינד אויף די הענט, קוקן אין דרויסן. פיליפאָ שפאַנט אַרום איבערן צימער און ווארפט, פארבייגייענדיק, א בליק דורכן פענסטער. הערא דע סעשעל זיצט אין א פאָטעל, נאָענט צום אויוון, אָבסערווירט זיינע פריינט. אין דרויסן הערט זיך דער ליאַרעם פון א פריילעכן המון.

### ערשטע סצענע

### ליוציל, קאַמיל, הערא, פיליפפאָ

### ליוציל

זיך ארויסבויגנדיק פון פענסטער:

אָט זענען זיי, אָט זענען זיי! זיי גייען פארביי עק גאס!

### קאַמיל

שרייט:

אַ גליקלעכע רייזע, פאטער דיושען.*) פארגעס נישט דיינע פיפקעס!

### הערא

מילד:

קאמיל, חייז זיך נישט, מיין פריינט.

### קאַמיל:

הערא, קום, זע אונזערע אלטע פריינט! דעם גענעראל פון

---

*) דער נאָמען פון העבערס צייטונג, וועלכע האָט געטראָגן א גרויסע טייל אחריות פאַר דעם גרויזאַמען טעראָר (דער איב.)



די קלובן, ראָנסען; און ווענסאָן, וועלכער האָט זיך געוואָלט מכבד זיין מיט דיין קאָפּ, פיליפפאָ; און העבער, דער מאטאמאָר,*) וועלכער האָט מיט מיר פארביסן יעדן אָוונטברויט; און דער פרייס קלאָטס, דער שיינער אנאשארסיס!... די לעצטע נסיעה פון יונגן אנאשארסיס!... די מענטשהייט געפינט זיך אין א שווערע לאגע: זי פארלירט איר רעדנער!**) די גיליאָטינע האָט היינט ארבעט. ס'ארא שניט!

### ליוציל

צו איר קינד:

קוק זיך צו, האָראַץ, קוק אָן די דאָזיקע אויסוווּרפן. און דעם קאָמענדאנט האנריאָ, וואָס גאלאָפּירט מיט זיין גרויסער שווערד, זעסטו, מיין ליבינקער?

### פיליפפאָ:

ער פארעט זיך שוין צו פיל. אויך ער וואָלט זיך שוין געמעגט געפינען אויפן וואָגן.

### קאַמיל:

מ'קען מיינען אז ס'איז יום-טוב: דאָס פאָלק יובלט.

דרויסן שפילט אויס א קלארנעט א גראָטעסקע מעלאָדיע. דאָס פאָלק לאכט הילכיק.

### קאַמיל

וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

### ליוציל.

דער קליינער הויקער, וואָס נעבן וואָגן, שפילט אויפן קלארנעט!

### קאַמיל:

אַך! א קאָמישער איינפאַל!

זיי ברעכן אויס אין א געלעכטער.

---

*) דער העלד פון א שפאַנישער קאָמעדיע, א בארימער, וואָס איז געוואָרן א שם-נרדף (דער איב.)

**) אזוי האָט זיך אנאשארסיס אליין אָנגערופן (דער איב.)

קאַמיל:

פאַרוואָס קומסטו נישט צו, הערא? צי דען אינטערעסירט דיך דאָס נישט? דו האָסט אַ מעלאַנכאָלישן אויסזען. וועגן וואָס טראַכסטו?

דער געזויש אין גאס דערוויטערט זיך ביסלעכווייז

הערא:

כ'האָב געטראַכט, קאַמיל, אַז אַנאַשאַרסיס איז אַלט אַכט-און-דרייסיק יאָר, און העבער — פינף-און-דרייסיק יאָר, דיין עלטער, פיליפּפּאָ; און ווענסאַן, זיבן-און-צוואַנציק יאָר, זעקס יאָר וויניקער פאַר מיר, און פאַר דיר, דעמולען.

קאַמיל:

דאָס איז אמת.

פלוצלונג ווערט ער ערנסט, דערווייטערט זיך פון פענסטער און קומט ארויס אויפן מיטן צימער; אַ רגע בלייבט ער שטיין אומבאַוועגלעך, די גאַמבע אין דער האַנט

ליוציל

ביים פענסטער:

אַ רעגן! אַך! ס'אַרא שאד!

קאַמיל

אומצופרידן:

שטיי נישט ביים פענסטער, ליוציל, ס'ווערט קאַלט. קום אַריין.

ליוציל

פאַרמאַכט דאָס פענסטער און קומט צוריק אין צימער מיטן קינד; זי זינגט:

עס רעגנט, עס רעגנט, פּאַסטוכקע,
דיינע ווייסע שעפעלעך
פיר שנעל אין שטאַל אַריין!
שנעל, פּאַסטוכקע, שנעל...

קאַמיל:

ליוציל, ליוציל, דו שלעכטע פרוי, ווי אַזוי קענסטו זינגען דאָס דאָזיקע לידל? כ'קען עס נישט הערן, נישט טראַכטנדיק דאַבייַ, אַז דער, ווער ס'האָט עס פאַרפאַסט, שמאַכט אין דער דאָזיקער שעה אין תפיסה.

ליוציל:

פאַבר? אמת! אונזער אָרעמער עגלאַנטין, זיי האָבן אים אַ קראַנקן פאַרשפּאַרט אין לוקסעמבורג. — באַ! ער וועט אַרויס פון דאָרט.



הערא:

Pur troppo*)

ליוציל:

וואָס זאָגט שוין ווידער דער דאָרטן? זיכער עפּעס שלעכטס!

פיליפּפּאָ:

עפּעס טרויעריקס, שוין צופיל ריכטיקס.

ליוציל:

שווייגט, איר אומגליק-פויגל! פאַבר וועט אַרויס, זאָג איך אייך. צי דען זענען מיר נישטאָ?

הערא:

אַפילו דאַנטאָן גופא וואָלט נישט געווען בכח אים צו ראַטעווען.

ליוציל:

אָ! יאָ! דאַנטאָן, אפשר. אָבער ווען קאַמיל וועט נעמען זיין פעדער און וועט איינמאָל אויסשרייבן אַלץ, וואָס ליגט אים אויפן הארצן, וועט איר זען צי די תפיסה-טויערן וועלן זיך פון זיך אַליין נישט עפענען.

הערא:

פאַר וועמען?

ליוציל:

פאַר די טיראַנען!

הערא:

אָ, אומפאַרזיכטיקע שאָף-היטערין, ווי שלעכט דו היטסט דיינע שעפעלעך!.. „שנעל אין שטאַל אַריין!" האָב אין זינען דיין לידל.

ר באַדינדע נעמט צו דאָס קינד פון ליוציל'ס הענט און טראָגט עס אַוועק. ליוציל עדט מיט איר אינדערשטיל, גייט אַרויס, קומט ווידער אַריין, געפינט זיך בסדר אין באַוועגונג בעת דער דאָזיקער גאַנצער סצענע, פאַרנעמט זיך מיט טויזנט אַלייניקייטן פון דער ווירטשאַפט, און נעמט אנטייל אין די שמועסן בלויז אויבער-פלעכלעך

קאַמיל:

ליוציל איז גערעכט: מ'דאַרף קעמפן. מיר דאַרפן אָנפירן מיט דער רעוואָלוציע, וועלכע מיר האָבן געשאַפן. די דאָזיקע שטים האָט נאָך

---

נישט פאַרלאָרן איר מאַכט איבערן המון. אַ פּאָר וועטער זענען גענוג געווען, כדי אַוועקצושיקן די צעווילדעוועטע אויף דער גילאָטינע. קיינמאָל זענען מיר נאָך נישט געווען אַזוי שטאַרק, לאָמיר אויסנוצן אונזער דערפאָלג: ליוקסעמבורג איז נישט שווערער איינצונעמען, ווי די באַסטיליע. מיר האָבן צעשטערט ניין יאָרהונדערטער מאָנאַרכיע וועלן מיר זיך אויך אַן עצה געבן מיט אַ קאָמיטעט פון פאַרברעכער, וואָס האָבן באַקומען זייער מאַכט פון אונזערע הענט, און וועלכע זיי דערוועגן זיך אויסצונוצן אויף אויסצוהאַקן דעם קאָנווענט און פראַנקרייך ווי מ'האַקט אויס אַ וואַלד!

### פ י ל י פ פ אָ

שפּאַצירט אַרום אויפגערעגט:

דידאָזיקע באַנדע! וואָלטן זיי זיך כאָטש באַגנוגנט מיט מאָרדן! אָבער ניין. זיי האָבן פאַברען אַריינגעשלעפּט אין די מאַלווערזאַציעס און שווינדלערייען פון דער אינדישער קאָמפּאַניע. זיי האָבן אויסגעטראַכט דאָס דאָזיקע אומגלויבלעכע מעשהלע, די דאָזיקע געשיכטע וועגן יידן און דייטשע באַנקירן, וועלכע קויפן אונטער אינזער פריינט כדי צו קאָרומפּירן דעם קאָנווענט. זיי ווייסן, אַז זיי זאָגן ליגנט; אָבער זייער געוויסן וואָלט נישט געווען באַפרידיקט, ווען זיי זאָלן נישט באַשמוצן זייער פריינט, איידער זיי דערמאָרדן אים.

### ה ע ר אָ:

מיר האָבן צדקניותדיקע פריינט: ס'איז אַ טרייסט צו וויסן, אַז מ'שניידט דיר איבער די האַלז אין נאָמען פון גוטע פּרינציפּן.

### ק אַ מ י ל:

פראַנקרייך האָט פיינט טאַרטיופן. לאָמיר אָפּשמייסן דעם שול-פעדאַנט און אָנברעכן די ביינער באַזילן.*)

### פ י ל י פ פ אָ:

כ'האָב דערפילט מיין חוב: זאָל יעדער טאָן דאָס זעלבע! כ'האָב אַרויסגעפירט אויף דער ליכטיקער שיין די באַנדיטן פון דער מערב-אַרמיי, דעם גענעראַל-שטאַב פון סאָמור. כ'האָב אָנגעכאַפּט ביים גרגרת דידאָזיקע אויסוווּרפן; און קיין זאַך וועט מיך נישט צווינגען אָפּצולאָזן די רויב, סיידן מיין קאָפּ וועט אַראָפּפאַלן. איך מאַך

*) אַ טיפּ פון „סעווילער שערער", אַ שם נרדף פאַר צבועקעס (דער איב.)



זיך נישט קיין אילוזיעס: איך ווייס מיט וואָס עס שמעקט דאָס אַטאַקירן דעם גענעראַל ראָסיניאָל און זיינע באַשיצער. דער קאָמיטעט קלייבט איצט צענויף זיינע כחות; אָבער דאָס ווערט געטאָן כדי מיך זיכערער אומצוברענגען. וועלכע בלבולים טראַכטן זיי צו, כדי מיך צו שטעמפּלען מיט זיי? מיך וואַרפט אין פיבער, ווען כ'טראַכט וועגן דעם. זאָלן זיי מיך גיליאָטינירן, אויב זיי ווילן, אָבער מיין כבוד זאָלן זיי נישט וואַגן אָנצורירן!

### ה ע ר אָ:

פיליפּפּאָ, איך בין רויקער פאַר דיר. איך ווייס שוין דעם אויסרייד, וועלכן זיי וועלן באַנוצן, כדי מיך אומצוברענגען. כ'האָב דעם אומגליק צו טראַכטן, אַז מ'קען זיין אַ שונא פון די אייראָפּעישע רעגירונגען, נישט פיינט האָבנדיק די אַלע, וועלכע זענען נישט קיין פראַנצויזן. כ'האָב געהאַט פריינט אין אויסלאַנד; כ'האָב נישט געהאַלטן, אַז כ'דאַרף זיך אָפּזאָגן פון זיי, כדי צו חנפהנען די משוגעת פון ביליאָ-וואַרען און געוויסע קראַנקע פון זיין אַרט. מ'האָט זיך אַריינגעריסן צו מיר, מ'האָט אויפגעבראָכן מיינע שופלאָדן, מ'האָט ביי מיר צוגעגנבעט עטלעכע בריוו פון ריין פריינטשאַפטלעכן כאַראַקטער; דאָס איז גענוג; כ'נעם שוין איצט אַנטייל אין דער באַרימטער פאַרשווערונג, וועלכע ווערט געשטיצט דורך פּיטס*) געלד, כדי אויפצוריכטן דאָס קיניגטום.

### ק אַ מ י ל:

ביסטו זיכער אין דעם, וואָס דו זאָגסט?

### ה ע ר אָ:

פולשטענדיק זיכער, קאַמיל. מיין קאָפּ זיצט שוין נישט פעסט.

### ק אַ מ י ל:

זאָך זיך אויס אַ מקום-מקלט.

### ה ע ר אָ:

נישטאָ קיין מקום-מקלט אויף דער וועלט פאַר אַ רעפּובליקאַנער: די קיסרים פאַרפאָלגן אים, און די רעפּובליק פרעסט אים אויף.

*) וויליאַם פּיט, אַן ענגלישער מלוכה-מאַן, אַ דם-שונא פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. ער האָט סובסידירט דריי קאָאַליציעס קעגן פראַנקרייך. (דער איב.)

## קאַמיל:

אייך פעלט מוט. מיר זענען נאָך אַלץ די פּאָפּולערסטע מענטשן אין דער רעפּובליק.

## העראָ:

לאַפאַיעט איז אויך געווען פּאָפּולער, און פּעטיאָן, און ראָלאַן. קאַפּע אַפילו איז אויך געווען פּאָפּולער. דער וואָס קומט איצט אום איז נאָך מיט אַכט טעג צוריק געווען דער אָפּגאָט פון פאָלק. ווער קען זיך רימען, אַז דידאָזיקע חיה האָט אים ליב? מאָמענטנווייז דוכט זיך, אַז מ'זעט אין זיינע צערודערטע אויגן אָפּשטראַלונגען פון די אייגענע געדאַנקען. וועלכער באַוווסטזיין איז כאָטש איין טאָג אין זיין לעבן נישט אין איינקלאַנג מיטן באַוווסטזיין פון המון? אָבער דערדאָזיקער איינקלאַנג קען לאַנג נישט אָנהאַלטן: ס'איז אַ משוגעת זיך דווקא איינצושפּאַרן אים צו פאַרלענגערן. דער מח פון פאָלק איז אַ ים, וואָסווימלט פון פאַרזעענישן און קאָשמאַרן.

## סאַמיל:

אָט האָט איר אייך גרויסע ווערטער! מיר בלאָזן זיך אָן די באַקן, כּדי אַרויסצוריידן דאָס וואָרט „פאָלק", און מיר ריידן עס אַרויס מיט אַ לעכערלעכער פייערלעכקייט, כּדי איראָפּע זאָל גלויבן, אַז מיר זענען די אינסטרומענטן פון אַ מיסטעריעזער קראַפט. כ'קען עס, דאָסדאָזיקע פאָלק: עס האָט געאַרבעט פאַר מיר. דער אייזל פון משל זאָגט: „כ'קען נישט טראָגן קיין צוויי זאָטלען". אָבער אים פעלט גאָרנישט איין, אַז ער קען בכלל קיין איינעם אויך נישט טראָגן. מיר האָבן אַוועקגעלייגט נ'שט ווינציק מי אויף דעם, עס זאָל פאַרענדיקן אונזער רעוואָלוציע: עס האָט זי געמאַכט קעגן אייגענעם ווילן. דאָס זענען מיר געווען די אינזשענירן און מאַשי-ניסטן פון דער דאָזיקער דערהויבענער באַוועגונג; אָן אונז, וואָלט עס זיך פון אָרט נישט גערירט. עס האָט גאָרנישט געפאָדערט די רעפּובליק: דאָס האָב איך עס געפירט צו איר. איך האָב עס איינ-גערעדט, אַז ס'האָט געוואָלט זיין פריי, כּדי עס זאָל טייער האַל-טן די פרייהייט ווי זיינס אַן אייגן ווערק. דאָס איז דער אייביקער מיטל אויף צו אָנפירן מיט שוואַכע. מ'איבערצייגט זיי, אַז זיי האָבן



וואָס - נישט - איז געוואָלט, ווען וואָס זיי האָבן אַפילו נישט גע-חלומט, און זיי הויבן זיך גלייך אָן צו רייסן דערצו, ווי די לייבן

## העראָ:

היט זיך, קאַמיל; ביסט אַ קינד, דו שפּילסט מיטן פייער. דו גלויבסט אַז דאָס פאָלק איז געגאַנגען נאָך דיר ווייל איר זענט געלאָפן צום זעלבן ציל. איצט האָט עס דיך שוין אַריבערגעיאָגט. פּרוביר זיך נ שט עס אָפּצוהאַלטן: מ'רייסט נישט אַרויס ביי אַ הונט דעם ביין, וועלכן ער גריזשעט.

## קאַמיל:

מ'דאַרף אים בלויז צווואַרפן אַן אַנדערן. גיי שוין גיי, הערט מען דען נישט מיין „אַלטן קאָרדעליע"? צי קלינגט נישט אָפּ זיין שטים, ביז צו די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער רעפּובליק?

## ליוציל:

ווען איר זאָלט וויסן, ס'אַראַ דערפאָלג עס האָט געהאַט זיין לעצ-טער נומער. פון אַלע זייטן האָט מען אים געשריבן: יללות, קושן. ליבע - דערקלערונגען... אַך! ווען כ'זאָל זיין אייפערזיכטיק! מ'האָט אים געבעטן רחמים ממשיך צו זיין, מציל צו זיין דאָס לאַנד.

## העראָ:

וויפל פון די דאָזיקע פריינט וועלן אים קומען צו הילף, ווען מ'וועט אים אָנגרייפן?

## קאַמיל:

כ'נויטיק זיך נישט אין קיינעם. אויף מיין זייט איז דער שרייב-געצייג! דווידס שטיינוואַרפער ווייזט אויף זיין פעדער האָט צעשמע-טערט דעם בעלי - גאווה פון דער גיליאָטינע, דעם קיניג פון די-אויסוואורפן און כוליגאַנעס. כ,האָב צעבראָכן די פּיפּקע פון פאָטער דיושען, די דאָזיקע באַרימטע פּיפּקע, וואָס איז ענלעך געווען צום טרומייטער פון יריחו, וואָס האָט נאָר געדאַרפט דריי מאָל אַרומ-רייכערן אַ גוטע רעפּוטאַציע, כּדי זי זאָל איינפאַלן פון זיך אַליין פון דאַנען איז אַרויס דער קלאַפּ, וואָס האָט געטראָפן אין שטערן! דעם אומפאַרשעמטן אין פחדנותדיקן גלית. כ'האָב קעגן אים אויפ-געהויבן די העץ - געשרייען פון זיין פאָלק. האָסט דאָ אָקאָרשט איצט געזען, אַרום דעם וואָגן, די פּיפּקע - קעפּ פון פאָטער דיושען?

דאָס האָב איך געגעבן דעם געדאַנק מ׳זאָל זיי נאָכטראָגן. מיין איינפאַל האָט געהאַט אַ משוגענעם דערפאָלג. פאַרוואָס קוקסטו מיך אָן?

הערא:

כ׳האָב אַ געדאַנק.

קאַמיל:

זאָג אים.

הערא:

האָסטו אַמאָל געטראַכט וועגן טויט?

קאַמיל:

וועגן טויט? ניין, ניין, כ׳האָב דאָס נישט ליב. פע! דאָס האָט אַ שלעכטן גערוך!

הערא:

דו האָסט נאָך קיינמאָל נישט געטראַכט, ווי פיינלעך ס׳איז צו שטאַרבן?

ליוציל:

ס׳אַראַ גרויל! אָט האָט איר אייך אַ שמועס!

הערא:

דו ביסט אַ גוט, טייער, ליבלעך קינד, און פונדעסטוועגן ביסטו גרויזאַם, גרויזאַם ווי אַ קינד.

קאַמיל

גערירט:

דו גלויבסט באמת, אַז איך בין גרויזאַם?

ליוציל:

אָט נאַט אייך, איצט האָט ער שוין טרערן אין די אויגן!

קאַמיל

גערירט:

ס׳איז אמת, ער האָט געליטן, דער דאָזיקער מענטש. דער גסיסה-שווייס, די האַרץ צעגויפגעדריקט פון שרעק, אָפוואַרטנדיק די צע-שטערונג פון לעבן... אָ! דאָס מוז זיין אַ שרעקלעכע פיין! ווי ער זאָל נישט ווערט זיין קיין פאַראַכטונג, האָט ער דאָך געליטן



פונקט ווי ער וואָלט זיין אַן ערלעכער, און אפשר נאָך מער. אָרעמער העבער!

ליוציל

די אָרעמס אַרום קאַמילס האַלז:

מיין אָרעמער בולי-בולאַ, וועסט דאָך נישט אַריינפאַלן אין יאוש צוליבן טויט פון אַ אויסוואורף, וועלכער האָט דיר געוואָלט איבער-שניידן דעם האַלז!

קאַמיל

מיט צאָרן:

ריכטיק. פאַרוואָס גרייפט מען מיך אָן אַזוי נידערטרעכטיק? Si quis atrâ dente me petiverit, inultus ut flebo puer!

ליוציל

צו הערא:

און איר דערוועגט זיך נאָר נאָכאַמאָל צו זאָגן, אַז מיין קאַמיל איז גרויזאַם!

הערא:

אָבער געוויס דערוועג איך מיך. דאָס דאָזיקע טייערע יינגל! ער איז אפשר דער גרויזאַמסטער פון אונז אַלע.

קאַמיל:

אָ! זאָג דאָס נישט, הערא: כ׳וועל באַלד אָנהויבן צו גלויבן אין דעם

ליוציל

צו הערא, דראָענדיק מיטן פינגער:

זאָגט, אַז דאָס איז נישט אמת, אנישט דראַפּע איך אייך אויס די אויגן.

הערא:

נו גוט, דאָס איז נישט אמת; דער גרויזאַמסטער דאָס זענט איר.

ליוציל:

אין אַ מזלדיקע שעה! אָט דאָס איז מיר ליב.

קאַמיל:

דאָס, וואָס דו האָסט געזאָגט, הערא, דערשיטערט מיך. ס׳איז אמת, כ׳האָב געטאָן אַזוי פיל שלעכטס, און פונדעסטוועגן בין איך נישט געווען שלעכט. כ׳בין געוואָרן דער פּראָקוראָר פון לאַמטערן. כ׳ווייס נישט וואָסער טייוולאָנישע קונדייסעריי עס שטויסט מיך

דערצו. צוליב מיר פוילן די זשיראַנדיסטן אין די פעלדער, וועלכע ס׳נעצט דורך דער דאָזיקער אייזיקער רעגן. מיינע בריסאָ-רע-חעלאַציעס האָבן אָפּגעשניטן דרייסיק קעפּ, יונגע, ליבלעכע, מוטיקע. זיי האָבן ליב געהאַט דאָס לעבן, ווי איך; זיי זענען באַשאַפן געוואָרן צו לעבן, צו זיין גליקלעך, ווי איך. אויך זיי האָבן געהאַט צאַרטע און טייערע ליוציל׳ס. אָ, ליוציל, לאָמיר אַנטלויפן, לאָמיר זיך ראַטעווען פון דער דאָזיקער מערדערישער אַרבעט, וואָס פאַרשאַפט ליידן אַנדערע, אין אפשר זיך אַ [illegible]ן אויך. אויב אויך מיר, אויב אויך דו, אויב אונזער קליינינקער האראַק!.. אַך! פאַרוואָס קען איך נישט ווידער ווערן אומבאַקאַנט פאַר אַלע מענטשן! ווו איז אַ מקום-מקלט, אַ קעלער, וואָס זאָל מיך אויסבאַהאַלטן פון אַלע בליקן, מיך, מיין ווייב, מיין קינד און מיינע ביכער? Oubi campi Guisiaque!...

## פּילִיפּפּאָ:

דו ביסט אַריינגעפאַלן אין קעסל-גרוב: קענסט שוין פון אים נישט אַרויס.

## העראָ:

הע! צווינג אים נישט צו פאַרבלייבן אין דאָזיקן קאַמף, וואָס איז נישט פאַר אים.

## פּילִיפּפּאָ:

ער האָט דאָס נאָר וואָס געזאָגט: יעדער דאַרף דערפילן זיין פליכט.

## העראָ

אָנווייזנדיק אויף קאַמילן, וועלכער קושט ליוצילן:

קוק אים נאָר אָן: האַלטסטו נישט, אַז דער חוב פון אונזער קאַמיל איז צו זיין גליקלעך?

## קאַמיל:

דאָס איז אמת: כ׳האָב אַ וווּנדערבאַרע נייגונג צו גליק. פאַראַן מענטשן, וועלכע זענען ווי באַשאַפן צו ליידן. מיך אָבער עקלט פון ליידן: כ׳וויל וועגן דעם נישט הערן און געדענקען.

## ליוציל:

בין איך דען געווען אַ שטערונג פאַר דיין נייגונג?



## קאַמיל:

מיין וועסטאַ*), מיין גוט וועלפעלע, מיין קליינע לאַרידאָן!..**) דו טראָגסט אַ גרויסע שולד! דו האָסט מיך געמאַכט צו גליקלעך.

## ליוציל:

אָ! דער פּחדן, ער באַקלאָגט זיך נאָך!

## קאַמיל:

כ׳האָב צוליב דעם פאַרלאָרן, ווי דו זעסט, יעדע קראַפט, יעדן גלויבן.

## ליוציל:

וואָס הייסט?

## קאַמיל:

אַמאָל האָב איך געגלויבט אין דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה. ווען כ׳פלעג צוזען די ליידן פון דער וועלט, פלעג איך זאָגן צו זיך: די וועלט וואָלט זיין אַ צו גרויסער אומזין, ווען די ט׳גנט וואָלט נישט באַקומען איר שכר אַנדערשוווּ. אָבער איצט בין איך אַזוי גליקלעך, אַזוי פולקאָמען גליקלעך, אַז כ׳האָב מורא, צי האָב איך אַמאָל נישט באַקומען מיין שכר אויף דער וועלט; און כ׳האָב פאַרלאָרן דעם באַווייז פון דער אומשטערבלעכקייט

## העראָ:

באַמי זיך, זאָלסט אים שוין קיינמאָל מער נישט געפינען.

## קאַמיל:

ווי פּשוט עס איז צו זיין גליקלעך! און אַזוי ווייניק מענטשן ווייסן, ווי אַזוי דאָס צו זיין!

## העראָ:

וואָס פּשוטער ס׳איז אַ זאַך, אַלץ ווינציקער באַמערקן זי די מענטשן. מ׳פאַרזיכערט, אַז די מענטשן ווילן זיין גליקלעך. ס׳אַראַ טעות! זיי ווילן זיין אומגליקלעך, זיי ווילן דאָס אומבאַדינגט. די פּרעהס און די סעזאַסטריס, די קיניגן מיט קעפּ פון שפּאַרבערס און נעגל פון טיגערס, די שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע-

---

*) די נעטין פון פייער ביי די רוימער (דער איב.)

**) א שם נרדף פאַר די, וואָס זענען נישט ווערט זייער אָפּשטאַמונג (דער איב.

די פוילקאמערס פון די באַסטיליעס, די מלחמה, וואָס מאָרדעט און רואינירט, — אָט וואָס זיי געפעלט. ס'איז נויטיק די טונקלקייט פון מיסטעריעס, כדי צו דערוועקן גלויבן. ס'איז נויטיק די זינ־לאָזיקייט פון ליידן, כדי צו ווערן געליבט. אָבער דער פאַרשטאַנד, די טאָלעראַנץ, די קעגנזייטיקע ליבע, דאָס גליק... פע! דאָס הייסט יי באַליידיקן!

**קאַמיל:**

דו ביסט פאַרביטערט. מ'דאַרף גוט־טאָן די מענטשן קעגן זייער ווילן.

**הערא:**

אַלע ליגן זיך היינט אַריין אין דעם, דער רעזולטאַט איז אַ מיטלמעסיקער.

**קאַמיל:**

אָרעמע רעפובליק! וואָס האָבן זיי פון דיר געמאַכט?.. אָ, בליענ־דיקע פעלדער, באַנייטע ערד, דיין לופט איז לייכטער און דיין ליכט העלער זינט דער קלאָרער שכל האָט מיט זיין פרישן אָטעם פאַרטריבן פון פראַנצויזישן הימל די טרויעריקע אַבערגלויבנס און די אַלטע גאָטישע הייליקע... קאַראַהאָדן פון יונגע מענטשן, וועלכע טאַנצן אויף די לאָנקעס, העראָישע צרמייען, ברידערלעכע ברוסטן, אַן אייזערנע וואַנט, אָן וועלכער עס ברעכן זיך די פיקעס פון אייראָפּע... די פרייד פון שיינקייט פון האַרמאָנישע פאָרמען, סטאָישע שמועסן, איידעלע פאַנאַטענעיען*) אין וועלכע מיידלעך גייען פאַרביי מיט ווייסע אָרעמס, איינגעוויקלט אין לייכטע שטאָפן... פרייהייט צו לעבן, דער תענוג, וואָס זיגט איבער אַלץ, וואָס איז מאוס, צבועיש, אָדער בייז, רעפובליק פון אַספּאַזיאַ**) און פון שיינעם אַלקיביאַד**), וואָס איז געוואָרן פון דיר? — אַ רויט

---

*) ים־טובים אין אַטען לכבוד מינערוואַן (דער איבי)

**) פעריקלעס פרוי. זי האָט געהאַט אין אַטען אַ באַרימטן סאַלאָן, וועל־כער איז באַזוכט געוואָרן דורך די באַרימטסטע שרייבער און פילאָזאָפן פון יענער צייט. באַזונדערס פון סאָקראַט (דער איב.)

***) סאָקראַטס פריינט (דער איב.)



מיצל, אַ שמוציקע העמד, אַ הייזעריקע שטים, פיקסע אידען פו אַ מאַניאַק, אַ פעדאַנטישע רוט פון אַ שול־לערער פון אַראַס!

**הערא:**

דו ביסט אַ זון פון אַטען ביי באַרבאַרן, אַן אָוויד צווישן סקיטן. וועסט זיי נישט איבעראַנדערשן.

**קאַמיל:**

ב'וועל, לכל הכחות, פרוון.

**הערא:**

דו פאַרלירסט דיין צייט, אפשר דיין לעבן אויך.

**קאַמיל:**

פאַר וואָס האָב איך מורא צו האָבן?

**הערא:**

היט זיך פאַר ראָבעספיערן.

**קאַמיל;**

כ'קען אים פון קינדווייז אויף: אַ פריינט האָט דאָס רעכט צו זאָגן אַלץ.

**הערא:**

נישט קיין אָנגענעמען אמת איז מען לייכטער מוחל אַ פיינט, איידער אַ פריינט.

**ליוציל:**

זייט שטיל; ער מוז זיין גרויס, ער מוז מציל זיין דאָס פאָטער־לאַנד. — דער, וואָס טראַכט נישט אַזוי ווי איך, וועט נישט פאַר־זוכן פון מיין שאָקאָלאַד.

**הערא**

שמייכלט:

כ'זאָג מער קיין וואָרט נישט.

ליוציל גייט ארויס.

**פיליפפאָ:**

הייסט עס, ביסט אַנטשלאָסן צו האַנדלען, דעמולען?

**קאַמיל:**

יאָ.

**פּ י ל י פּ פּ אָ:**

אויב אַזוי, איז אויס וואָפנשטילשטאַנד! שטעך זיי אַריין, אומגעזוימט, די פעדער אין די נירן. די פאַרפאָסטן־מלחמה, וועלכע דר פירסט, איז די גרעסטע סכנה. דו באַגנוגנסט זיך דערמיט, וואָס דו שפּאָרנסט זיי אָן מיט דיינע שאַרפע פיילן: דאָס הייסט אָבער זיי געבן מער קראַפט קעגן דיר. ציל אין האַרצן אויב דו קענסט: לאָמיר פאַרענדיקן מיט זיי מיט איין קלאַפּ!

**ה ע ר אָ:**

מיינע פריינט, כ'בין נישט מסכים אויפן וועג, וועלכן איר נעמט. זענט איר אָבער פעסט אַנטשלאָסן צו גיין מיט אים, דאַרף מען, לכל הפחות, זען, אַז אַלע שאַנסן זאָלן זיין אויף אייער זייט. אַלזאָ, אויף צו פירן מלחמה, איז נישט גענוג, זאָל מיר קאַמיל מוחל זיין! — איז נישט גענוג דעמולענס פעדער. דאָס פאָלק לייענט בכלל נישט. דער דערפאָלג פון „וויע קאָרדעליע" איז נאָר אַ אילוזיע, ער דרינגט נישט אַריין אין המון; זיין פובליקום איז פון אַ גאַנץ אַנדער שניט. קאַמיל, דו ווייסט עס גאַנץ גוט; דו אַליין האָסט זיך געקלאָגט, אַז איינער פון דיינע נומערן איז פאַרקויפט געוואָרן צו צוואַנציק סו: אַריסטאָקראַטן ווי מיר קויפן אים בלויז; דאָס פאָלק ווייס פון אים נישט מער ווי דאָס, וואָס ס'דערציילן איז דערפון זיינע רעדנער אין די קלובן: און זיי זענען נישט אויף דיין צד. אומזיסט האָסטו אויפגעהויבן העכער דעם טאָן און אויסמעבלירט דיין זכרון מיט אויסדרוקן פון די האַלעס, וועסט קיינמאָל נישט זיין פאָלקסטימלעך. בלויז איין מיטל איז דאָ צו ווירקן אויף אים, — אַריינוואַרפן אין זיין מיט דאַנטאָנען. בלויז זיין דונער איז בכח אויפצוודערן דעם דאָזיקן שווערן מענטשלעכן כאַאָס. ס'איז גענוג דאַנטאָן זאָל אַ טרייסל טאָן מיט זיין גריווע, כדי אויפצוהויבן דעם פאָרום. אָבער דאַנטאָן לאָזט זיך אָפּ, ער שלאָפט איין, ער דערווייטערט זיך פון פאַריז; ער רעדט נישט אין קאָנווענט. מ'ווייס נישט, וואָס מיט אים איז געוואָרן. ווער האָט אים געזען די גאַנצע לעצטע צייט? ווו איז ער? וואָס טוט ער?

*דאַנטאָן קומט אַריין מיט וועסטערמאַנען.*





## דיזעלבע, דאַנטאָן, וועסטערמאַן

**ד אַ נ ט אָ ן:**

דאַנטאָן הוליעט אין זויפט. דאַנטאָן קושט מיידלעך. דאַנטאָן רוט זיך אָפּ פון זיינע אַרבעטן דורך אַנדערע אַרבעטן, ווי הערקולעס!

*דעמולען גייט דאַנטאָנען אַנטקעגן און דריקט אים, לאַכנדיק, די האַנט. וועסטערמאַן בלייבט שטיין אין אַ זייט, זיין אויסזען בלייבט פאַרזאָרגט.*

**ק אַ מ י ל:**

הערקולעס וואַרפט נישט אַוועק זיין קלאָניצע, כּל־זמן עס זענען נאָך דאָ פאַרזעענישן, וועלכע מ'דאַרף טויטן.

**ד אַ נ ט אָ ן:**

רעד נישט וועגן טויטן! דאָס דאָזיקע וואָרט שרעקט מיך. פראַנקרייך רויכערט זיך פון בלוט; דער ריח פון געשאָכטענעם פלייש שטייגט אויף פון דער ערד ווי פון אַ שעכט־הויז. כ'בין נאָר וואָס פאַרבייגעגאַנגען די סענע; די זון האָט זיך געזעצט: די סענע איז געווען רויט, ווי זי וואָלט קייקלען כוואַליעס פון מענטשלעך בלוט. אויב אונזערע טייכן זענען אויך פאַרשמוצט, ווו וועלן מיר וואַשן אונזערע טייכן, ווו וועלן מיר וואַשן אונזערע הענט? שוין גענוג טויטע! לאָמיר באַפרוכטן די רעפּובליק, זאָלן תבואה און מענטשן אַרויסשפּראָצן פון באַנייטן פאָטערלאַנד. לאָמיר זיך ליב האָבן און קולטיווירן אונזערע פעלדער.

**ק אַ מ י ל:**

הלוואי זאָל אונז אַ גאָט שענקען דידאָזיקע פרייע און רויקע צייטן אַ דאַנטאָן! אויף דיך לייגן מיר אונזערע האָפנונגען.

**ד אַ נ ט אָ ן:**

וואָס ווילט איר, קינדער?

**פּ י ל י פּ פּ אָ:**

זאָלסט אונז העלפן קעמפן!

### דאַנטאָן:

צו וואָס נויטיקט איר זיך אין מיר? צי דען מוז איך תמיד אַלץ טאָן? איר זענט אַלע דיזעלבע. אָט נעמט וועסטערמאַנען. ער איז דאָך אַ מאַן, אָט דערדאָזיקער! ער האָט געפירט מלחמה, ער האָט דריי, אָדער פיר מאָל מציל געווען דאָס פאָטערלאַנד; איידער ער זעצט זיך צום טיש, שניידט ער אייך איבער דעם האַלז ביי אַ מענטשן, כדי צו שאַפן זיך אַפעטיט. און אויך דעמדאָזיקן דאַרף איך העלפן! וועט אפשר נויטיק זיין איך זאָל ארויפשטייגן אויפן פערד און פאָכען מיט דער שווערד אָנשטאָט אים?

### וועסטערמאַן:

אויב עס האַנדלט זיך וועגן קעמפן, טרעט איך קיינעם נישט אָפּ מיין פלאַץ. פיר מיך אַרויס אין אַ טאָל; ווייז מיר אַ מחנה, וועלכע מ׳דאַרף פאַרטרייבן, און דו וועסט זען צי כ׳וועל זיך נישט מיט דעם אַן עצה געבן. אָבער ריידן, ענטפערן די פראַזיאַרן פון קאָנווענט, צוניכט מאַכן די שמוציקע מאַכינאַציעס פון די קאָמיטעט־אויסוווּרפן. וועלכע האָבן זיך אָפּגעלייגט מיך אומצובריינגען, דאָס קען איך נישט. איך פיל מיך פאַרלאָרן אין דערדאָזיקער שטאָט: זיי זענען ווי אַ טשאַטע הינט, וואָס בייסן מיך פון הינטן, און ס׳איז מיר נישט דערלויבט זיך צו רירן; איך מוז אַלץ אַריבערטראָגן, און כ׳טאָר גאָרנישט טאָן זיך צו פאַרטיידיקן. וועט איר דערלאָזן, מ׳זאָל מיך אויפפרעסן, און מיר נישט קומען צו הילף? צו אַלדי רוחות! כ׳האָב אַמאָל געקעמפט פאַר אייך, מיר האָבן דיזעלבע שונאים. מיין זאַך איז אויך אייערע, — דיינע, דאַנטאָן, — דיינע, פיליפּאָ, דו ווייסט עס גאַנץ גוט!

### פיליפּאָ:

איך ווייס עס, וועסטערמאַן, דערפאַר, וואָס דו האָסט אָנגעגריפן ווי איך, ראָסיניאָלן, ראַנסענען, אַלע אויסוווּרפן, וועלכע וואַרפן אַ שאַנדפלעק אויף דער אַרמיי, דעריבער פאַרפאָלגן דיך די יאַקאָבינער מיט זייערע ווילדע בלבולים. מיר וועלן דיך נישט פאַרלאָזן.

### קאַמיל

צו דאַנטאָנען:

מ׳מוז האַנדלען. איך שטעל אין דיין רשות מיין פעדער, און וועס־



טערמאַן זיין שווערד. פיר אָן מיט אונז, דאַנטאָן. אַן אַלטער בעל־נסיון, קענסטו גוט דעם המון, דו קענסט די סטראַטעגיע פון רעוואָלוציעס: שטעל זיך אין אונזער שפיץ, מיר מוזן נאָכאַמאָל מאַכן אַ צענטן אויגוסט!

### דאַנטאָן:

שפּעטער.

### פיליפּאָ:

דו פאַרשווינדסט פון דער אַרענע, דו ווערסט פאַרגעסן. באַווייז זיך. וואָס טוסטו אין משך פון וואָכן, פאַרבאַהאַלטן אין דיין פראָווינץ־עק?

### דאַנטאָן:

כ׳קוש די היימישע ערד, כדי צו שעפּן פון איר, ווי אַנטעי, נייע קראַפט.

### פיליפּאָ:

דו זוכסט אויסריידן, כדי זיך אויסצודרייען פון קאַמף.

### דאַנטאָן:

איך קען נישט זאָגן קיין ליגנס. — דאָס איז אמת.

### קאַמיל:

וואָס איז מיט דיר?

### דאַנטאָן:

מיך עקלט פון מענטשן, ביז ברעכן.

### הערי׳:

פאַר די פרויען מאַכסטו אַן אויסנאַם, ווי עס שיינט.

### דאַנטאָן:

די פרויען, לכל הפחות, באַזיצן די אויפריכטיקייט צו זיין נאָר דאָס, וואָס זיי זענען, וואָס מיר אַלע זענען: חיות. זיי גייען גלייך צום גענוס, נישט וועלדיק זיך אַליין אָפּנאַרן, נישט צודעקנדיק זייערע אינסטינקטן מיטן מאַנטל פון שכל. איך האַס אָבער די צביעות פון שכל, דעם בלוט־דורשטיקן אידיאָטיזם פון דידאָזיקע אידעאַליסטן, פון דידאָזיקע דיקטאַטאָרן פון אָנמעכטיקייט, וועלכע באַצייכענען אַלס פאַרדאָרבנקייט די אויפריכטיקייט, פון נאַטירלעכע באַדערפענישן און לייקענען כלומרשט די נאַטור, כדי אָנצוזעטיקן, אונטערן נאָמען פון זיטן־ריינקייט, זייער שרעקלעכע גאווה און

ווייער צעשטערונגס-הונגער. אָ! זיין אַ בעל-חי, אַ גוטער און אויפריכטיקער בעל-חי, וואָס האָט נאָר איין פאָדערונג: ליב צו האָבן אַנדערע, אַבי זיי זאָלן אים נאָר לאָזן אַן אָרט אונטער דער זון.

קאַמיל:

יאָ, מיר ווערן צעפרעסן פון צביעות.

דאַנטאָן:

פון דער סאַמע עקלדיקסטער צביעות: די צביעות פון קינזשאַל. די צדקניותדיקע גיליאָטינע!

פיליפּפּאָ:

מיר האָבן אומגעבראַכט קאַפּע דערפאַר, כּדי טאַלליאַן, פּושע-קאָללאָ, ד׳הערבואַ זאָלן ווידער אויפריכטן די דראַקאָנאַדן*) אין באָרדאָ און אין ליאָן!

קאַמיל:

דידאָזיקע מאַניאַקעס האָבן געגרינדערט אַ נייע רעליגיע, אַ וועלט-לעכע און אָבליגאַטאָרישע, וואָס דערלויכט די פּראָקאָ-סולן אויפצו-הענגען, קעפּן, פאַרברענען, און אַלץ אין נאָמען פון טוגנט.

דאַנטאָן:

נישטאָ פאַר אַ מלוכה קיין גרעסערער אומגליק, ווי דער אומגליק פון מענטשן מיט פּרינציפּן. זיי באַמיען זיך נישט צו טאָן גוטס, נאָר צו האָבן רעכט; קיין שום ליידן רירט זיי נישט. זייער איינציקע מאָראַל, זייער איינציקע פּאָליטיק איז אַרויפצוצווינגען זייער אידעע.

הערראָ

דעקלאַמירט מיט אַ חוזק טאָן:

„אַן אָרנטלעכער מאַן האָט גאַנץ אַנדערע באַגערן!
נאָר דאַן איז ער גליקלעך ווען ער קען אנדערע תענוג
פאַרשאַפן“...

ליוציל

קומט אריין, כאַפּט אויף די לעצטע ווערטער און איז געדאַנקגלאָז ממשיך:

„אַ גייסטלעכער איז נישט אַזוי שווער.
ער שפּאַרט אָן זיין פּאַרעקשנטע רייט-בהמה

*) אזוי ווערן אָנגערופן די שרעקלעכע פּראָטעסטאַנטן-רדיפות אין דרום פראַנקרייך אין 17-טן יאָרהונדערט, וועלכע זענען דורכגעפירט געוואָרן דער עיקר דורך די קעניגלעכע דראַגונער (דער איב.)



און פרעגט זיך גאָר נישט אָן צו די יונגע בהמהלע האָט הנאה אונטער אים אָדער נישט.

הערראָ:

צו אַלדי רוחות! איר קענט אייערע דיכטער!

ליוציל:

צו, איז וואָס פאַר אַ בייז? יעדער איינער קען די פּוסטן.

דאַנטאָן:

דו האָסט רעכט, קליינע. דאָס איז דאָס תּפלה-בוך פון צניעותדי-קע פרויען.

הערראָ:

האָט איר שוין דערפון אַמאָל דעקלאַמירט פאַר ראָבעכפּיערן?

ליוציל:

כ׳וועל מיך היטן.

קאַמיל:

האָט איר אים געזען, ווען מ׳זאָגט אין זיין אַנוועזנהייט אַ פּעטן וויץ? זיין שטערן קנייטשט זיך איין אין גרויסע פאַלדן און פאַר-קריכט אַזש צום שאַרבן; ער ציט צעגויף די הענט, מאַכט העויות ווי אַ מאַלפּע, וואָס האָט ציינווייטאָק.

הערראָ:

אַ ירושה פון זיין פאָטער. פון רוססאָ האָט ער באַקומען זיין שנאה צו וואָלטערן.

ליוציל

איבעראַשט:

וואָס הייסט! ער איז רוססאָס אַ זון?

הערראָ

שפּאָטנדיק:

צי דען ווייסט איר דאָס נישט?

דאַנטאָן:

דאָס אַלץ איז נישט מער ווי יעזואיטיזם! ער איז מער פאַרדאָרבן פאַר אַנדערע. ווען מ׳באַהאַלט אויס די ליבע צו פאַרגעניגנס איז אַ סימן, אַז מ׳האָט שלעכטע געוווינהייטן.

**פיליפפאָ:**

מעגלעך; אָבער אויב ראָבעספּיער האָט ליב תענוגים, באַהאַלט ער עס גוט אויס: און ער האָט רעכט, דאַנטאָן. דו שטעלסט זיך שוין צו פיל אַרויס דערמיט. דו וועסט מקריב זיין דיין פאַרמעגן פאַר איין נאַכט אין פאַלע־ראָיאַל.

**דאַנטאָן:**

דאָס איז אַמאָל גאָרנישט קיין שלעכטער בייט.

**פיליפפאָ:**

און ביז־וואָס ווען, קאָמפּראָמיטירסטו דיין גוטן שם; די עפנטלעכע מיינונג האָט אויפן אויג דיינע מעשים; און וואָס וועלן זאָגן די שפּעטערע דורות, ווען זיי וועלן וויסן, אַז ערב אַן אַנטשיידנדיקער שלאַכט פאַרן גורל פון דער מלוכה, האָט דאַנטאָן געטראַכט נאָר וועגן תענוגים?

**דאַנטאָן:**

די עפנטלעכע מיינונג איז אַ זונה, די ערע אַן אומזין, די שפּעטערע דורות — אַ שטינקנדיקע מיסט־גרוב.

**פיליפפאָ:**

און די טוגנט, דאַנטאָן?

**דאַנטאָן:**

גיי פרעג ביי מיין ווייב, צי זי איז צופרידן פון מיינער.

**פיליפפאָ:**

דו טראַכסט נישט דאָס, וואָס דו רעדסט. דו מאַכסט אויף זיך אַ שקר־בלבול, דו פאַרלייכטערסט די אַרבעט פון דיינע שונאים.

**וועסטערמאַן**

וועלכער האָט געמאַכט אַן אָנשטרענגונג זיך איינצוהאַלטן ברעכט אויס:

איר זענט אַלע פלוידער־זעק און באַרימערס, וואָס זינגען זיך לויב־לידער! איינע דעקלאַמירן וועגן זייערע גוטע מדות, און די אַנדערע וועגן זייער פאַרדאָרבנקייט. מער ווי ריידן קענט איר נישט. אייער שטאָט איז אַ נעסט פון אַדוואָקאַטן און פּראָקוראָרן. דער שונא באַדראָט אונז. דאַנטאָן, יאָ אָדער ניין, ווילסטו אויפנעמען דעם קאַמף?



**דאַנטאָן:**

לאָזט מיך צורו! כ'האָב פאַרלאָרן מיין לעבן און מיין רו כדי מציל צו זיין די רעפּובליק; זי איז נישט ווערט קיין איינע פון די שעהן, וועלכע כ'האָב פאַר איר מקריב געווען. גענוג! דאַנטאָן האָט טייער באַצאָלט פאַר דעם רעכט צו לעבן ענדלעך פאַר זיך אַליין.

**קאַמיל:**

דאַנטאָן האָט נישט געקויפט דאָס רעכט צו זיין אַ סיביעס*).

**דאַנטאָן:**

בין איך דען ווי אַן איינאויגיק פערד פאַרמשפּט צו דרייען די מיל ביז איך וועל קרעפּירן?

**קאַמיל:**

דו האָסט זיך אָוועקגעלאָזט אין אַ באַרג־שפּאַלט, אַ באַזוימטן מיט אָפּגרונטן. ס'איז אוממעגלעך זיך אומצוקערן. מוזט גיין ווייטער. דער שונא איז דאָרט דאָ, ער אָטעמט דיר אין רוקן: בלייבסטו שטיין, וואַרפט ער דיך אַראָפּ אין תהום. ער הויבט שוין די האַנט און רעכנט אויס דעם קלאַפּ, וועלכן ער וויל דערלאַנגען.

**דאַנטאָן:**

ס'איז גענוג איך זאָל מיך אומדרייען און זיי באַווייזן מיין ווילדע צורה, זיי זאָלן צעשמעטערט ווערן ווי געטראָפן פון בליץ.

**וועסטערמאַן:**

טו־זשע דאָס. אויף וואָס וואַרטסטו?

**דאַנטאָן:**

שפּעטער.

**פיליפפאָ:**

דיינע שונאים רוען נישט. ביליאָ־וואַרען לאָזט פאַלן קעגן דיר ווילדע זידלערייען. וואַדיע מאַכט חוזק איבער דיין נאָענטער מפּלה. אין פּאַריז האָבן זיך שוין פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן דיין אַרעסט.

---

*) אַ באַרימטער פּאָליטישער טעאָרעטיק בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַ מיטגליד פון קאָנווענט, וועלכער איז געשטאַנען אַן אַ זייט פון דער אָנפירנדיקער אַרבעט (דער איב.)

**דאַנטאָן**

הויבט די באַרקעס:

אַרישקייטן! זיי וועלן זיך נישט דערוועגן.

**פילִיפּפּאָ:**

ווייסטו, וואָס וואַדיע האָט געזאָגט? כ'האָב זיך נישט געקענט באַ־ שליסן דיר איבערצוחזרן זיינע גראָבע רייד. וואַדיע האָט וועגן דיר געזאָגט: „דעם דאָזיקן גרויסן געפּילטן בופלאָקס וועלן מיר איינגיכן אויסליידיקן".

**דאַנטאָן**

מיט אַ דונערדיקער שטים:

וואַדיע האָט דאָס געזאָגט? נו גוט, ענטפער, ענטפער דעמדאָ־ זיקן אויסוואורף, אַז כ'וועל אים אויפעסן דעם מאַרך, אַז כ'וועל אים דורכבּרעכן דעם שאַרבן! ווען כ'וועל ציטערן פאַר מיין לעבן וועל איך ווערן שרעקלעכער פאַר אַ מענטשנפרעסער!

עס שלאָגט אים אַרויס אַ שוים פון צאָרן

**וועסטערמאַן:**

קויס אַמאָל!.. קום!

**דאַנטאָן:**

ווּהין?

**וועסטערמאַן:**

ריידן אין די קלובן, אויפהויבן דאָס פאָלק, אַראָפּוואַרפן די קאָמי־ טעטן, פאַרניכטן ראָבעספּיערן.

**דאַנטאָן:**

ניין.



**פיליפּפּאָ:**

אַרוואָס?

**דאַנטאָן:**

שפּעטער. איך וויל נישט.

**קאַמיל:**

דו ברענגסט זיך אום, דאַנטאָן.

**וועסטערמאַן:**

מיר פאַרפעלט אָטעם, ווען כ'זע ווי די מורא צו האַנדלען דריקט דאָ ווי אַ משא אויף די ערלעכע מענטשן. וואָסער טייוואָלאַנישער גיפט רינט זשע דאָ אין דערדאָזיקער לופט, וואָס מענטשן ווי איר זיצן מיט פאַרלייגטע הענט אַ טאָג פאַרן עשאַפאָט, און וואַרטן, נישט וואַגנדיק צו מאַכן אַ באַוועגונג, כדי צו קעמפן, אָדער כדי צו אַנטלויפן? איך קען נישט ווייטער אַזוי. כ'פאַרלאָז אייך. כ'וועל האַנדלען אָן אייך. כ'וועל גיין אויפזוכן דעמדאָזיקן ראָבעספּיער, פאַר וועלכן איר האָט אַלע מורא: ווייל איר האַט מורא פאַר אים, יאָ, כאָטש איר חוזקט אָפּ פון אים; אין אייער שרעקעוודיקייט ליגט טאַקע די גאַנצע קראַפט פון דעמדאָ־ זיקן אויסוואורף. כ'וועל אים אַ שפּיי־טאָן אין פּנים אַריין דעם אמת: צום ערשטן מאָל וועט ער זען פאַר זיך אַ מענטשן, וואָס שטעלט אים אַ ווידערשטאַנד. כ'וועל צעשמעטערן דעם געטש.

ער פאַרלאָזט שטורמיש דעם צימער.

**פיל־פּפּאָ:**

איך גיי מיט דיר, וועסטערמאַן.

**דאַנטאָן**

רויק, מיט אַ ביסל פאַראַכטונג:

ער וועט גאָרנישט נישט צעשמעטערן. ראָבעספּיער ווער אויף אים אַ קוק־טאָן, — אָט אַזוי, — און מיט דעם וועט זיך ענדיקן. אומגליקלעכער!

**פ י ל י פ פ אָ:**

דאַנטאָן! דאַנטאָן! ווו געפינסטו זיך? ווו איז דער אַטלעט פון דער רעוואָלוציע?

**ד אַ נ ט אָ ן:**

איר זענט פחדנים. ס'איז נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן.

**פ י ל י פ פ אָ:**

Ques vult perdere...

גייט אַרויס.

הערא הויבט זיך אויף, נעמט זיין הוט און קלייבט זיך אַוועקצוגיין.

**ק אַ מ י ל:**

אויך דו, הערא, גייסט אַוועק?

**ה ע ר אָ:**

קאַמיל, דו טויגסט זיך נישט פאַר אַ קאַמף אַ לאַ וועסטערמאַן: איך ווייס דאָס, אָבער אויב אַזוי, שטעל זיך איינגאַנצן אין אַ זייט. זע, מ'זאָל אָן דיר פאַרגעסן. צו וואָס ריידן אומזיסט?

**ק אַ מ י ל:**

כדי צו באַפרידיקן מיין געוויסן.

**ה ע ר אָ**

הויבט לאַנגזאַם די באַרקעס, און קושט לוצילס האַנט:

אַדיע, לוציל.

**ל י ו צ י ל:**

צום ווידערזען.

**ה ע ר אָ**

שמייכלענדיק:

קען מען דען וויסן אַמאָל?

**ק אַ מ י ל:**

וווהין גייסטו?

**ה ע ר אָ:**

גאַס סען-האָנאָרע.

**ד אַ נ ט אָ ן:**

אויך דו מאַכסט אַ באַזוך ראָבעספיערן?



**ה ע ר אָ:**

ניין! מיין געוויינלעכן שפּאַציר. איך זע פאַרבייפאָרן די פורן.

**ק אַ מ י ל:**

כ'האָב געמיינט, אַז דאָס דאָזיקע בילד איז דיר נישט צום האַרצן.

**ה ע ר אָ:**

ס'איז כדי זיך אויסלערנען שטאַרבן.

ער גייט אַרויס, לוציל באַגלייט אים.

## דריטע סצענע

## דאַנטאָן, קאַמיל

**ד אַ נ ט אָ ן**

באַגלייטנדיק מיט די אויגן העראָן:

ער באַאומרויקט זיך; ער וואַרפט מיר פאָר מיין פאַסיוויטעט. און אויך דו, קאַמיל, האָסט חשק מיך צו זידלען, איך זע דאָס אין דיין בליק. אַדרבה, זשעניר זיך נישט, מיין יינגל. דו האַלסט מיך פאַר אַ פחדן? דו גלויבסט, אַז דאַנטאָן איז מקריב זיינע פריינט און זיין רום פאַר זיין בויך?

**ק אַ מ י ל:**

דאַנטאָן, פאַרוואָס ווילסטו נישט?

**ד אַ נ ט אָ ן:**

קינדער, דאַנטאָן איז נישט געבויט לויט דער מאָס פון אַנדערע מענטשן. וווּלקאַנישע ליידנשאַפטן פאַרשרפען דידאָזיקע ברוסט, אָבער זיי מאַכן פון מיר נאָר דאָס, וואָס איך וויל. מיין האַרץ האָט גרעניצלאָזע באַגערן, מיינע חושים ברילן ווי די לייבן; אָבער דער באַצווינגער איז דאָרטן.

ער ווייזט אויף זיין קאָפּ.

**ק אַ מ י ל:**

און וואָס באַשטייט דען דיין געדאַנק?

### דאַנטאָן:

שאַנעווען דאָס פאָטערלאַנד. עס מציל זיין פאַר יעדן פרייז פון אונזערע לעסטערנדיקע קאַמפן. איז דיר באַקאַנט די קרענק, וואָס ברענגט טויט דער רעפּובּליק? איר פעלט מיטלמעסיקייט. צו פיל קלוגע מוחות פאַרנעמען זיך מיט דער מלוכה, ס'איז צו פיל פאַר אַ נאַציע צו האָבן געהאַט פאַר איינמאָל מיראבאָ, בריססאָ, ווערניאָ, מאַראַט, — דאַנטאָן, — דעמולען, ראָבעספיער. איינער פון דידאָזיקע גאונים וואָלט געבראַכט דעם נצחון דער פרייהייט. פאַרייניקט—פרעסן זיי זיך קעגנזייטיק אויף, און פראַנקרייך איז פאַרגאָסן מיט בלוט פון זייער שנאה. איך אַליין האָב אויך צו פיל אַנטיילגענומען אין דעם, כאָטש כ'קען לייגן די האַנט אויפן האַרצן, אַז כ'האָב קיינמאָל נישט באַקעמפט קיין פראַנצויז סיידן כ'בין געצוווּנגען געווען צו פאַרטיידיקן מיין לעבן, און אַפילו אין ווילדסטן קאַמף האָב איך אַלץ געטאָן, כדי מציל צו זיין מיינע באַזיגטע שונאים. איצט, צוליב אַ פערזענלעכן אינטערעס וועל איך נישט אַרויסרופן אַ קאַמף מיטן גרעסטן מענטשן פון דער רעפּובּליק, — נאָך מיר. דער וואַלד ווערט שיטערער אַרום אונז, איך וויל נישט פאַרוויסטן די רעפּובּליק. — איך קען ראָבעספּיערן: כ'האָב געזען, ווי ער האָט אַרויסגעשפּראָצט פון דער ערד, ווי ער איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג דורך זיין שטאַנדהאַפטיקייט, זיין אַרבעטסקראַפט, זיין ליידנשאַפטלעכן גלויבן אין זיינע אידעען; און זיין אַמביציע איז געוואַקסן אין דערזעלבער מאָס, באַזיגנדיק דעם קאָנוועגט. אַרויפצווינגנדיק זיין פערזאָן אויף פראַנקרייך. איין איינציקער מענטש שטעלט אים נאָך אין שאַטן. מיין פּאָפּולאַריטעט איז אַ קעגנגעוויכט צו זיינער, און זיין קרענקלעכע גאוה בלוטיקט דערפון. מערערע מאָל, — דער אמת מוז געזאָגט ווערן, — האָט ער פּרובירט איינצושטילן זיינע קנאה-אינסטינקטן. אָבער די פּאַטאַלישקייט פון די געשעענישן, זיין קנאה, וואָס איז שטאַרקער פאַרן שכל, מיינע צערייצטע שונאים, וועלכע העצן אים אויף, דאָס אַלץ שטויסט אונז צום צוזאַמענשטויס. ווי עס זאָל נישט אויספאַלן דער רעזולטאַט פון דאָזיקן קאַמף, — די רעפּובּליק וועט דורך אים צעשטערט ווערן ביז אירע פונדאַמענטן.



נו, מילא! אויף מיר ליגט דער חוב צו געבן אַ ביישפּיל פון ברענגען אַ קרבן. זאָל זיין אַמביציע מער נישט באַזאָרגט זיין צוליב מיינער! כ'האָב גענוג געטרונקען פון דאָזיקן האַרבן געטראַנק, און עס האָט מיר געמאַכט ביטער אין מויל. זאָל ראָבעספּיער פאַרענדיקן דעם כוס, אויב ער וויל! איך טרעט צוריק אין מיין געצעלט. נישט אַזאַ נוקם-ונוטר ווי אַכילעאוס, וועל איך געדולדיק וואַרטן, ער זאָל מיר אויסשרעקן די האַנט.

### קאַמיל:

אויב איינער פון אייך מוז זיך מקריב זיין, פאַרוואָס זאָלסטו עס זיין, און נישט ער?

### דאַנטאָן

אויפהויבנדיק די באַרקעס:

ווייל נאָר איך בין פעיק אויף דעם, —

נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן —

און ווייל איך בין דער שטאַרקערער.

### קאַמיל:

פונדעסטוועגן פאַראַכטסטו ראָבעספּיערן.

### דאַנטאָן:

שנאה איז אומדערטרעגלעך פאַר מיין האַרצן. כ'ווייס נישט פון קיין פאַרביטערקייט — נישט אין נאָמען פון טוגנט —

כ'ווייס נישט וואָס דאָס איז אַזוינס,

נאָר אַדאַנק מיין טעמפּעראַמענט.

### קאַמיל:

פאַרשאַפט דיר גאָרנישט קיין זאָרג, וואָס צו לאָזט איבער דאָס פעלד פריי פאַר דיין שונא?

### דאַנטאָן:

באַ! כ'האָב זאָנדירט זיינע נירן: ער וועט קענען דערפירן די פּיעסע ביזן פערטן אַקט: אָבער ביי איר פאַנאַנדערקניפּלונג וועט ער אומבאַדינגט דורכפאַלן.

### קאַמיל:

און בינו לבינו — וויפל אומגליק קען ער ברענגען! דיין קראַפט

איז דאָס איינציקע קעגנגעווייכט צו דער הערשאַפט פון געוואַלט און פאַנאַטישן טעראָר. און אויף וועמען לאָזטו דיינע פריינט? לאָזטו זיי איבער פאַרן גורל, וואָס דראָט זיי?

### דאַנטאָן:

איך טו זיי אַ טובה מיט דעם, וואָס כ'לייג אַוועק אויף אַ צייט מיין מאַכט. זיי טראָגן אַצינד די לאַסט פון דער מורא, וועלכע איך וואַרף אָן. ראָבעספיער וועט מיך הערן, ווען זיין קנאה וועט אים דערלויבן אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. און איך וועל האָבן פריי־ערע הענט צום האַנדלען, ווען כ'וועל מער נישט זיין קיין פּאַר־שטייער פון אַ פּאַרטיי, נאָר פון דער גאַנצער מענטשהייט. מ'דאַרף די מענטשן באַהאַנדלען ווי קינדער, און זיי נאָכגעבן די שפּילצייג, וועלכע זייער גייציקייט באַגערט, כדי נישט צוצולאָזן, זיי זאָלן זיך אין נאַרישער עקשנות אומברענגען צוזאַמען מיט אונז.

### קאַמיל:

דו ביסט צו גרויסמוטיק. אַ רעזיגנאַציע פון דעם מין, ווי דיינע, וועט פון קיינעם נישט פאַרשטאַנען ווערן. ראָבעספּיער קען נישט גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פון דיין ריקצוג; זיין חשדישער שכל וועט דערין זוכן, און געפינען, מאַקיאַוועלישע הינטערשפּיצ־לען. היט זיך, דיינע שונאים זאָלן נישט אויסנוצן דיין רעזיגנאַציע, כדי דיר צו דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ.

### דאַנטאָן;

דאַנטאָן רעזיגנירט נישט: איצט, אין דער רגע, דערווייטערט ער זיך פון דער שלאַכט; ער איז תמיד גרייט זיך אומצוקערן אין איר. זיי רויק: איך איינער אַליין בין שטאַרקער ווי זיי אַלע, און מענטשן פון מיין אַרט האָבן לגמרי קיין מורא נישט פאַרגעסן צו ווערן; ס'איז גענוג זיי זאָלן אויף איין רגע אַנטשוויגן ווערן, כדי מ'זאָל דערשפּירן די מוראדיקע פּוסטקייט פון דער וועלט, ווען זיי זענען מער נישטאָ אויף אויסצופילן זי. דורך מיין אָפּגיין אין אַ זייט דין איך אַפילו מיין פּאָפּולאַריטעט. אָנשטאָט אָפּצו־שלאָגן די מאַכט ביי די אכער, לאָז איך צו, זי זאָל דערדריקן זייערע שוואכע אַקסלען.



### קאַמיל:

קודם כל וועלן זיי זי אָנווענדן קעגן דיך. וואַדיעס גאַנצע הינטער־טשאַטע וועט זיך אַרויפוואַרפן אויף דעם רויב־ביסן.

### דאַנטאָן:

נישט איינעם פון זיי וועל איך אויף שטיקער צערייסן. איך בין געוווינט צו קעמפן מיט פאַרזעעניש. אַ קינד נאָך, האָב איך גע־קעמפט מיט אָקסן. דידאָזיקע צעקוועטשטע נאָז, דידאָזיקע צע־שפּאָלטענע ליפּ, דערדאָזיקער גאַנצער פּרצוף טראָגט נאָך אויף זיך די סימנים פון זייערע בלוטיקע הערנער. האַלב־ווילדע חזירים, וועלכע כ'האָב איינמאָל פאַרפאָלגט מיט העץ־געשרייען איבער דער לאָנקע, האָבן מיך שרעקלעך צעביסן דעם בויך. כ'שרעק מיך לגמרי נישט פאַר די וואַדיעס. און חוץ דעם זענען זיי צו גרויסע פּחדנים.

### קאַמיל:

און אויב זיי וועלן זיך פּאָרט דערוועגן? כדי זיך צוצוגעבן מוט, האָבן זיי אַרויסגערופן סען־זשיוסטן פון דער אַרמיי, מ'זאָגט, אַז זיי וואַרטן אויף זיין צוריקקער, כדי צו האַנדלען.

### דאַנטאָן:

נו גוט, אויב זיי וועלן מיך אַרויסברענגען פון די כלים, טאָ זאָל די אַחריות פאַרן קאַמף זיי דערדריקן! כ'האָב אַ האַרטע פעל און כ'טראָג געדולדיק אַריבער זייערע באַליידיקונגען. אָבער אין דעם טאָג, ווען כ'וועל מיך אַ וואַרף טאָן קעגן זיי, וועל איך שוין נישט קענען ביז אַלץ וועט נישט זיין צעשמעטערט. אומגליקלעכע! כ'וועל זיי אַלע צערייבן אין אַ קאַשע...

## פערטע סצענע

# דיזעלבע, ראָבעספּיער, ליוציל

ליוציל קומט איילּיק אריין

### ליוציל

לויפט צו קאמילן, — מיט א דערשראָקענער שטים:

ראָבעספּיער!

ראָבעספּיער קומט אריין, קאלט, אומדערשיטערלעך, זיין בליק איז שארף און שנעלל.
ער מאכט נישט קיין שום באוועגונג

### קאַמיל

גייט אים איילּיק אנטקעגן, מיט א לייכטער איראָניע:

האָ! ליבער מאקסימיליאַן, דו קומסט צו דער ריכטיקער צייט. שוין אַ שעה, ווי דו באַהערשט פון דערווייטנס אונזערע שמועסן.

### דאַנטאָן

זשעניִרט:

גוטן טאָג, ראָבעספּיער.

אומאנטשלאסן צי זאָל ער אים אויסשטרעקן די האנט, ווארט ער, אז זיין ריוואל זאָל מאכן דעם ערשטן שריט. ראָבעספּיער ענטפערט נישט, דריקט קאלט די האנט ליוצילן און קאמילן, באגריסט מיט א קליינער קאָפּ-באוועגונג דאנטאָנען, און זעצט זיך אוועק. קאמיל און דאנטאָן בלייבן שטיין. ליוציל איז כסדר אין באוועגונג.

### ליוציל:

ווי פריינטלעך עס איז פון דיר צו געפינען צייט אונז צו באַזוכן אינמיטן פון דיינע באַשעפטיקונגען! זעץ דיך נענטער צום פייער. אין דרויסן איז אַ נעפּל, וואָס מאַכט פאַרפרוירן די נשמה. ווי גייט עס דיינע טייערע בעלי-בתים, דער בירגערין דיופּלעי, און מיין קליינעם פריינט עלעאָנאָר?

### ראָבעספּיער:

אַ דאַנק, ליוציל. — קאַמיל, כ׳וויל ריידן מיט דיר.

### ליוציל:

ווילסט, איך זאָל אייך איבערלאָזן אַליין?

### ראָבעספּיער:

ניין, נישט דו.



### קאַמיל

אפּהאלטנדיק דאנטאָנען, וועלכער מאכט א באוועגונג ארויסצוגיין:

דאַנטאָן האָט אַ חלק אין אונזערע אַלע געדאַנקען.

### ראָבעספּיער:

אַזוי איז די עפנטלעכע מיינונג, כ׳האָב דאָס נישט געוואָלט גלויבן.

### דאַנטאָן:

זאָל זיין, אַז דאָס שטערט דיר?

### ראָבעספּיער:

אפשר.

### דאַנטאָן:

וואָס ווילסטו? איין זאַך וועסטו קיינמאָל נישט קענען שטערן: אַז דאַנטאָן זאָל זיין געליבט.

### ראָבעספּיער

מיט פאראכטונג:

דער נאָמען פון ליבע איז באַנאַל. איר רעאַליטעט זעלטן.

### דאַנטאָן

מיט רשעות:

ס׳זענען דאָ געוויסע מענער, זאָגט מען, וואָס קענען זי לגמרי נישט.

### ראָבעספּיער

נאָך א קורצן שטילשווייגן, קאלט, מיט א ביסל נערוועזע הענט:

כ׳בין נישט געקומען ריידן וועגן דאַנטאָנס זנות. — קאַמיל, דו עקשנסט זיך איין, נישט געקוקט אויף מיינע וואָרענישן, צו גיין מיטן וועג, ווו שלעכטע עצות און דיין כאַראַקטער האָבן דיך פאַרפירט. דיין צעשטערערישער פּאַמפלעט וועט זייען שפּאַלטונג אין גאַנץ פראַנקרייך. דו פאַרשווענדסט דיין גייסט אויף אונטער-צוגראָבן דעם צוטרוי צו מענער, וועלכע זענען נויטווענדיק דער רעפּובליק. אַלע רעאַקציע-באַוועגונגען באַוואָפנען זיך מיט דיינע סאַר-קאַזמען קעגן דער פרייהייט. לאַנג האָב איך אַנטוואָפנט די שנאה, וואָס דו רופסט אַרויס, כ׳האָב דיך מציל געווען צוויי מאָל. נישט תמיד וועל איך דיך מציל זיין. די מלוכה שטייט אויף קעגן די פאַר-שווערונגען פון די מורדים; כ׳האָב נישט דעם מינדסטן ווילן קעגנשטעלן זיך דעם ווילן פון דער מלוכה.

## קאַמיל

באַלײדיקט און באַלײדיקנדיק:

שפּאָר זיך אײַן די טרחה צו טראַכטן אַזוי פּיל װעגן מיר. מאַקסימיליאַן, כ׳בין געריהרט פון דײַן זאָרג װעגן מיר, אָבער כ׳נויטיק זיך נישט אין קיינעם: כ׳קען זיך פאַרטיידיקן אַליין, און איך באַװעג מיך אָן פרעמדער הילף.

## ראָבעספּיער:

בעל-גאווהניק, ענטפער נישט בעסער; דײַן כאַראַקטער איז דײַן אײנציקע אַנטשולדיקונג.

## קאַמיל:

איך װיל גאָר נישט קיין אַנטשולדיקונג. כ׳האָב אַסך פאַרדינסטן פאַר דעם פאָטערלאַנד. איך פאַרטיידיק די רעפּובליק קעגן די רעפּובליקאַנער. כ׳האָב גערעדט אָפן, כ׳האָב געזאָגט דעם אמת. װען נישט יעדער אמת מעג אַרויסגעזאָגט װערן, הייסט עס, אַז ס׳איז מער קיין רעפּובליק נישטאָ. דער דעװיז פון די רעפּובליקן, זענען די װינטן װאָס בלאָזן איבער די כװאַליעס פון ים: Tollunt red attollunt; זיי מאַכן זיי אויפבּרויזן, אָבער זיי דערהויבן זיי

## ראָבעספּיער:

די רעפּובליק עקזיסטירט נישט, דעמולט, מיר מאַכן זי. נישט מיט פרייהייט פאַרפעסטיקט מען די פרייהייט. װי רוים אין די צײַטן פון שװערע פּרוּװוּנגען, האָט די באַדראָטע נאַציע זיך אונטערגעװאָרפן א דיקטאַטור, כדי צו ברעכן די שטערונגען און צו זיגן. בעת אייראָפּע און די פאַרשװערונגען דראָען אומצוברענגען אויף תמיד די רעפּובליק, איז אַ ביטערער חוזק װען די קומסט און פאָדערסט מ׳זאָל האָבן דאָס רעכט אַלץ צו זאָגן, אַלץ צו טאָן, און צושטעלן דורך די אייגענע װערטער און מעשים כלי-זין פאַרן שונא.

## קאַמיל:

װעלכע כלי-זין גיב איך אים דען? כ׳האָב פאַרטיידיקט דאָס ריינסטע, װאָס איז געװען אויף דער װעלט: די ברידערלעכקייט, די הייליקע גלײַכקייט, די מילדקייט פון די רעפּובליקאַנישע גרונטזאַצן׳ די דאָזיקע res sacra miser, דעם רעספּעקט פאַר אומגליק, װאָס



באַהעט-שט אונזער דערהויבענע קאָנסטיטוציע. כ׳האָב געלערנט ליב האָבן די פרייהייט. כ׳האָב געװאָלט, אַז פאַר די אויגן פון פאָלק זאָל אויפשײַנען די שטראַלנדיקע געשטאַלט פון גליק.

## ראָבעספּיער:

דאָס גליק! אָט איז עס, דאָס אומגליקלעכע װאָרט, מיט װעלכן איר ציט צו צו זיך אַלע ארטן פון עגאָיזם און גײַציקייט. װער װיל דאָס נישט קיין גליק? אָבער נישט דאָס גליק פון פערסעפּאָליס טראָגן מיר צו די מענטשן, נאָר דאָס גליק פון ספּאַרטאַ. דאָס גליק איז די טוגנט. אָבער איר, איר האָט אויסגענוצט דאָס דאָזיקע הייליקע װאָרט, כדי אויפצוװעקן אין גייסט פון פחדנים פאַרלאַנגען נאָך יענער פאַרברעכערישער גוטס, װאָס באַשטייט אין פאַרגעסן אַנדערע און אין לאָזן זיך װוילגיין אָן אַ מאָס. א שענדלעכער געדאַנק, װאָס װאָלט גאָר-גיך אויסגעלאָשן די פלאַם פון דער רעװאָלוציע! זאָל פראַנקרײַך זיך אויסלערנען לײַדן, זאָל זי געפינען גענוס אין לײַדן פאַר איר פרייהייט, אין מקריב-זײַן איר װוילשטאַנד, איר רו, אירע באַגערן פאַרן גליק פון דער װעלט!

## קאַמיל

מיט אַ טאָן פון איראָנישער העפלעכקייט, װעלכער װערט פלוצלונג צום סוף פון זײַנע רייד שנײַדיק שאַרף:

מאַקסימיליאַן, װען כ׳הער דײַנע רייד, קומט מיר אויפן געדאַנק אַ שטעלע פון פּלאַטאָנען: „װען כ׳הער, האָט געזאָגט דער גוטער גענעראַל לאַשע, װען כ׳הער װי אַ מענטש רעדט שיין װעגן טוגנט און ער איז אַן אמתער סאַן-קיולאָט, װאָס איז װי אָנגעמאָסטן פאַר זײַנע רייד, איז דאָס פאַר מיר אַ תענוג, נישט אויסצודריקן. מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז דער אײנציקער מוזיקער, װעלכער שאַפט אַ פולקאָמענע האַרמאָניע: װײַל אַלע זײַנע מעשים שטייען אין הסכם צו אַלע זײַנע װערטער, נישט לויט דער יאַקאָבינישער, אָדער זשענעװער מאָדע, נאָר לויטן פראַנצויזישן טאָן, װאָס נאָר ער אַליין פאַרדינט דעם נאָמען פון אַ רעפּובליקאַנישער האַרמאָניע. װען אַזאַ מענטש רעדט מיט מיר, פילט זיך מיך אָן מיט פרייד, און נישטאָ קיינער װאָס זאָל נישט מיינען, אַז כ׳בין משוגע אויף שמועסן, אַזוי גיריק טרינק איך זײַנע רייד. אָבער דער, װאָס

זינגט וועגן אַ טוגנט, וועלכע ער איז נישט מקיים, פאַרשאַפט מיר מוראדיקן עגמת נפש, און וואָס שענער ער רעדט, אַלץ מער שטויסט ער מיך אָפּ פון זיין מוזיק."

צום סוף פון דערדאָזיקער טיראַדע קערט זיך דעמולען אויס מיט דער פלייצע צו ראָבעספּיערן, וועלכער שטייט אויף, אָן אַ באַוועגונג און אָן ווערטער, כדי אַרויס־צוגיין. ליוציל, באַאומרויקט פון דער ווענדונג, וואָס דער שמועס האָט אָנגענומען) לאָזט נישט אַראָפּ די אויגן פון ראָבעספּיערן, זי נעמט זיין האַנט און פּרובירט שפּאַסן

## ליוציל

אָנווייזנדיק אויף קאַמילן:

דאָסדאָזיקע שלעכטע קינד מוז תמיד דערווידערן. ווען דו זאָלסט וויסן, ווי ער ברענגט מיך אַמאָל אַרויס פון די כלים! טייערער מאַקסימיליאַן, איר זענט תמיד דיזעלבע. איר קריגט זיך אַרום, ווי אין דער שולע פון אַרראַס.

ראָבעספּיער, פאַרגליווערט, ענטפערט גאָרנישט און גרייט זיך אַוועקצוגיין.

## דאַנטאָן

ענדערט דעם טאָן און דערנענטערט זיך צו ראָבעספּיערן מיט אויפריכטיקער האַר־ציקייט:

ראָבעספּיער, אַלע דריי זענען מיר אומגערעכט. לאָמיר זיין מענער, וועלכע לאָזן זיך פירן נאָר פון שכל, און לאָמיר קענען מקריב זיין אונ־זער שנאה פאַר דעם פאָטערלאַנד. איך גיי צו דיר און כ'שטרעק דיר אויס מיין האַנט. זיי מיר מוחל דעם אויסברוך פון אומגעדולד.

## ראָבעספּיער:

דאַנטאָן מיינט, אַז ס'איז גענוג איין וואָרט, כדי אָפּצווישן זיינע זלזולים. דער באַליידיקער האָט נישט קיין גרייסע מי צו פאַרגעסן זיינע באַליידיקונגען.

## דאַנטאָן;

געוויס בין איך אומגערעכט, ווען כ'שרייב צו מיינע קעגנער מיין גרויסמוט. אָבער די זאָרג פאַר דער רעפּובליק איז קודם כל: זי נויטיקט זיך אין מיין ענערגיע און אין דיין טוגנט. אויב מיין ענערגיע שטויסט דיך אָפּ, טאָ גיב אַ טראַכט וועגן דעם, אַז דיינע טוגנטן זענען מיר עקלהאַפט: מיר זענען קוויט. טו ווי איך, פאַר־שטאָפּ דיר דעם נאָז, און לאָמיר מציל זיין דאָס פאָטערלאַנד.



## ראָבעספּיער:

איך גלויב נישט, אַז אַ מענטש זאָל זיין אומבאַדינגט נויטווענדיק פאַר דער רעפּובליק.

## דאַנטאָן:

דאָס איז דאָס וואָרט פון אַלע בעלי־קנאה. מיט דער הילף פון דערדאָזיקער שיינער מימרא קאַסטרירן זיי די נאַציע פון אַלץ, וואָס בילדעט איר קראַפט.

## ראָבעספּיער;

נישטאָ קיין קראַפט דאָרט, ווו עס פעלט צוטרוי!

## דאַנטאָן:

דו האָסט נישט קיין צוטרוי צו מיר? דו גלויבסט די נאַרישקייטן, וועלכע מ'פאַרשפרייט אויף מיין חשבון, די האַלוצינאַציעס פון ביל־יאָ־וואַרען? קוק מיך אָן. האָב איך דען אַ פּנים פון אַ צבועק? האָט מיך פיינט, אָבער זייט מיך נישט חושד!

## ראָבעספּיער:

לויט זייערע מעשים משפּט מען מענטשן.

## דאַנטאָן:

וואָס וואַרפסטו פאָר מיינע מעשים?

## ראָבעספּיער:

דאָס אונטערשטיצן אַלע פאַרטייען.

## דאַנטאָן:

כ'האָב אַ ברידערלעך האַרץ פאַר אַלע אומגליקלעכע!

## ראָבעספּיער:

מ'גאוהט זיך, אַז מ'האָט נישט קיין שנאה, און מ'האָסט טאַקע באמת ביעט די שונאים פון דער רעפּובליק, אָבער אויף אַזאַ אופן צעשטערט מען די רעפּובליק. רחמנות פאַר די תלינים, איז אכזריות פאַר די קרבנות. דידאָזיקע מילדקייט האָט אונז געצוווּנגען אָפּ־צווישן פון דער ערד גאַנצע שטעט; מיר וועלן נאָך אַמאָל באַ־צאָלן פאַר איר מיט אַ דרייסיק־יאָריקן בירגער־קריג.

## דאַנטאָן:

אומעטום זעסטו פאַרברעכנס! דאָס איז אַ משוגעת. אויב דו ביסט

קראַנק, הייל דיין חולאַת, אָבער צווינג נישט די געזונטע איינ-
צונעמען רפואות: די רעפּובליק פרעסט זיך אויף. ס'איז נאָך צייט
אָפּצוהאַלטן דעמדאָזיקן זינלאָזן און שרעקלעכן טעראָר, וואָס
פרעסט אויף פראַנקרייך. וועסטו זיך אָבער נישט צואיילן, וועסט
זיך נישט פאַרייניקן צו אונז, וועסטו גופאָ איינגיכן נישט זיין ביכולת צו
צוימען זיינע פאַרוויסטונגען; וועסט עס וועלן אומזיסט: ער וועט
דיך פאַרברענען צוזאַמען מיט די אַנדערע; ער וועט דיך פאַרברע-
נען נאָך פריער ווי די אַנדערע. אומגליקלעכער, צי זעסטו דען
נישט איין, אַז פון דעם טאָג אָן, ווען דאַנטאָן וועט שוין מער
נישט זיין, וועסטו פאַלן אַלס ערשטער קרבן. בלויז איך באַשיץ
דיך נאָך פון דער שׂרפה.

## ראָבעספּיער

זיך צוועקדרייענדיק פון דאַנטאָנען, קאַלט:

אַז ער מיך פאַרברענען!

## קאַמיל

שטילערהייט צו דאַנטאָנען:

האָסט צו פיל געזאָגט, דאַנטאָן; האָסט פאַרוווּנדעט זיין אייגנליבע.

## דאַנטאָן:

ראָבעספּיער, אין נאָמען פון פאָטערלאַנד, פון דאָזיקן פאָ-
טערלאַנד, וועלכע מיר פאַרגעטערן מיט דעזעלבער ליידנשאַפטלעכ-
קייט, און וועלכן מיר האָבן אַלץ אָפּגעגעבן, לאָמיר געבן אַן אַל-
געמיינע אַמנעסטיע פאַר אַלע, פריינט און שונאים, אויב זיי האָבן
נאָר ליב פראַנקרייך! זאָל דידאָזיקע ליבע אָפּוואַשן אַלע חשדים
און אַלע זינד! אָן איר איז נישטאָ קיין טוגנט, מיט איר — קיין
פאַרברעכן.

## ראָבעספּיער:

נישטאָ קיין פאָטערלאַנד אָן טוגנט.

## דאַנטאָן

צודרינגלעך, דראָענדיק:

צום לעצטן מאָל לייג איך דיר פאָר שלום. טראַכט זיך נאָר אַריין,
ווי שווער מיר איז צו מאַכן דעם ערשטן שריט. אָבער כ'שליג



אַראָפּ יעדע דערנידערונג, אויב זי ברענגט נאָר נוצן דער רעפּובּ-
ליק. גיב מיר די האַנט; לאָז אַרויס פאַברען אויף דער פריי;
שיק צוריק וועסטערמאַנען אין דער אַרמיי; באַשיץ קעגן די צע-
ווילדעטע העראָן און פיליפּאָן!

## ראָבעספּיער:

כ'בין באַשאַפן געוואָרן אויף צו באַקעמפן דאָס פאַרברעכן, אָבער
נישט אויף אָנצופירן מיט אים.

## דאַנטאָן

גרייט אויפצובּרויזן, האַלט זיך איין:

ראָבעספּיער, איז דיין באַגער דער קריג? באַטראַכט זיך נאָר גוט.

## ראָבעספּיער

קאַלטבלוטיק, דרייט זיך אויס מיט דער פּלייצע צו דאַנטאָנען און ווענט זיך צו
דעמולען:

קאַמיל, דאָס לעצטע מאָל: דו וועסט אויפהערן צו אַטאַקירן דעם
קאָמיטעט.

## קאַמיל:

טאָ זאָל ער עס אויפהערן ווערט צו זיין!

## ראָבעספּיער:

וואַרף זיך אונטער ווי די אַנדערע די באַפעלן פון דער נאַציע.

## קאַמיל:

איך בין דער פאָרשטייער פון דער נאַציע; כ'האָב דאָס רעכט צו
ריידן אין איר נאָמען.

## ראָבעספּיער:

דו דאַרפסט איר געבן דעם ביישפּיל פון פאָלגן די
געזעצן.

## קאַמיל:

מיר ווייסן צו גוט ווי אַזוי די געזעצן ווערן געמאַכט. ראָבעספּיער,
מיר זענען אַלע אַדוואָקאַטן, פּראָקוראָרן, יוריסטן; מיר ווייסן וואָס
עס באַהאַלט זיך אונטער דער מאַיעסטעט פון געזעץ. כ'וואָלט געלאַכט
אויף אונזערע פאַרזאַמלונגען, ווען כ'זאָל נישט טראַכטן וועגן די
טרערן, וועלכע ווערן פאַרגאָסן צוליב דער קאָמעדיע, וואָס מיר

שפּילן. מיר קאָסטן די מענטשן צו טייער. די טוגנט ג׳פּאַ וואָ׳ם נישט געקאָסט דעם פרייז, וועלכן מיר צווינגען צו באַצאָלן פאַר איר: בפרט נאָך — דאָס פאַרברעכן.

ראָבּעספּיער:

דער, וואָס איז צו שוואַך צו דערפילן זיין אויפגאַבע, האָט זי נישט געדאַרפט נעמען אויף זיך. דער, וואָס נעמט זיך אונטער, דאַרף גיין ווייטער און שווייגן, ביז ער וועט נישט פאַלן אַ דערדריקטער אונטער דער משא.

קאַמיל:

כ׳בין מסכים זיך מקריב צו זיין, אָבער נישט צו מקריב זיין אַנדערע.

ראָבּעספּיער:

אַדיע, טראַכט וועגן העראָן.

קאַמיל:

פאַרוואַס דערמאנסטו מיר וועגן העראָן?

ראָבּעספּיער:

העראָ איז אַרעסטירט.

דאַנטאָן, קאַמיל:

אַרעסטירט? ער איז פון דאַנעט נאָר - וואָס אַרויסגעגאַנגען.

ראָבּעספּיער:

כ׳ווייס דאָס.

ליוציל:

אָבער וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן? מאַקסימיליאַן, אין וואָס באַשטייט זיין פאַרברעכן?

ראָבּעספּיער:

זיין שטוב איז געווען אַ מקום - מקלט פאַר אַ פאַרטריבענעם.

קאַמיל:

ער האָט דערפילט זיין פליכט.

ראָבּעספּיער:

דער קאָמיטעט האָט דערפילט זיינע.



# דאַנטאָן

אויפברויזנדיק!

אויסוורף: דו פּראָוואָצירסט מיך! אויף אַזאַ אופן ווילסטו אונז אַלעמען איבערשניידן די העלזער, איינעם נאָך דעם אַנדערן? דו האַקסט אָפּ ביים דעמב זיינע מעכטיקע צווייגן, איידער צו שניידסט זיך איין אין זיין ברוסט?... מיינע וואָרצלען גרייכן טיף אין דער ערד, אין האַרצן פון פראַנצויזישן פאָלק. דו וועסט זיי נישט אויסרייסן, סיידן דו וועסט טויטן די רעפּובליק. מיין אומפאַל וועט אייך אַלע צעשמעטערן, און די עקלהאַפטע שטשורעס, וועלכע גריזשען מיך, וועלן פאַלן די ערשטע קרבנות. מיין מילדקייט גיט אייך צו מוט? דאָס אומפלייט קריכט מיר אַרויף עזותדיק אויפן קערפּער?... ס׳איז שוין צופיל! דער לייב כאַפּט זיך אויף... אָבער דו קליינער לאָבוז, צי דען ווייסטו נישט, אַז אויב כ׳וועל וועלן, וועל איך דיך צעקוועטשן צווישן מיינע פינגער, ווי אַ לויז? זאָל לעבן די מלחמה, אויב איר ווילט זי דוקא! די ליידנשאַפטלעכקייט פון די אַלטע קאַמפן שלאָגט מיר ווידער צום מח. דידאָזיקע שטימע, וועלכע האָט צו לאַנג געשוויגן, וועט זיך ענדלעך ווידער לאָזן הערן, און זי וועט אויפהויבן דאָס פאָלק צום אָנגריף קעגן די טיראַנען!

קאַמיל:

אין אָנגריף וועלן מיר איינגעמען די נייע טיליעריע. דער „אַלטער קאָרדעליע"*) וועט געבן דעם סיגנאַל צום אָנגריף.

ראָבּעספּיער טוט אפילו נישט קיין פינטל מיטן אויג, גייט צו דער טיר. ליוציל אין טויט - אנגסטן, נישט בכח צו ריידן, פאַרשווינדט אויף אַ רגע אין שכנישן צימער: זי קומט שנעל צוריק מיט איר קינד, און טראָגט עס צו ראָבּעספּיערן.

ליוציל:

מאַקסימיליאַן! . . .

ראָבּעספּיער דרייט זיך אום, קוקט אָן דעם קלייגעם האָראַץ. וואַקלט זיך אַ ווײַלע שמייכלט צו אים, נעמט אים דערנאָך אויף די הענט און זעצט זיך אוועק. ער קושט דאָס קינד, קוקט אויף ליוציל און קאַמילן. דערנאָך, נאָך אַלץ אין שווייגן, גיט ער אָפּ דאָס קינד ליוצילן און גייט אַרויס, נישט קוקנדיק אויף קיינעם. די דאָזיקע גאַנצע סצענע שפּילט זיך אָפּ ניכטער און אָן דער מינדסטער קענטיקער געריערטקייט, אחוץ ביי ליוצילן.

*) דעמאָלטס באַרימטע צייטשריפט. (דער איב.)

פינפטע סצענע.

# ליוציל, קאַמיל, דאַנטאָן

**קאַמיל:**

אָרעמע ליוציל, ביסט אומרויק?

**ליוציל:**

אָ, קאַמיל, קאַמיל, ווי אומפאַרזיכטיק דו ביסט!

**קאַמיל:**

דו האָסט מיך אָקאָרשט נישט לאַנג אויפגעררייצט.

**ליוציל:**

אַך! כ'האָב איצט חרטה אויף דעם!

**קאַמיל:**

מ'דאַרף זאָגן דאָס, וואָס מ'טראַכט. און חוץ דעם... ער הויבט די באַר-קעס באַ! כ'האָב גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן: אין תוך גענומען האָט ער מיך ליב, ער וועט מיך תמיד פאַרטיידיקן.

**ליוציל:**

מיר איז באַנג.

**קאַמיל:**

ער האָט מער מורא פאַר אונז; דאַנטאָנס שטים האָט שוין געהאַט אַ ווירקונג. ער געהערט צו יענע מענטשן, וועלכע מוזן מורא האָבן פאַר די, וועלכע זיי האָבן ליב. קום! מ'דאַרף זיך זען מיט אונזע-רע פריינט, זיך צעגויפריידן מיט זיי. לאָמיר מער נישט פאַרלירן קיין צייט... קום, דאַנטאָן.

**דאַנטאָן**

זיצט פאַרזונקען אין מחשבות:

יאָ. וווהין גייען מיר?

**קאַמיל:**

זיך אָנשליסן אין פיליפּאָ, וועסטערמאַן, מציל זיין העראָן.

**דאַנטאָן:**

מאָרגן... מאָרגן.



**קאַמיל:**

ס'וועט שוין זיין צו שפּעט.

**דאַנטאָן**

מיט גרויס טרויער, מיט גרויס צאַרטקייט:

ליוציל, לייען מיר וואָס פאָר, שפּיל מיר עפּעס, טרייסט מיך.

**ליוציל:**

וואָס איז דיר!

שטייט הינטער אים, שפּאַרט זיך אָן אין זיין פּלייצע; ער נעמט איר האַנט, און דריקט זי צו זיין באַק

**דאַנטאָן:**

אָ, רעפּובליק! זיך אַליין צעשטערן. צעשטערן דאָס ווערק פון די אייגענע הענט, צעשטערן די רעפּובליק! זיגער, אָדער באַזיגטע, וואָס איז די נפקא מינה? אין ביידע פאַלן — באַזיגטע!

**קאַמיל:**

אין ביידע פאַלן — זיגער, געקרוינט פון רום!

**דאַנטאָן**

האַסטיק זיך אויפהויבנדיק:

קום, און זאָל די רעפּובליק איבערשרעקן די וועלט דורכן טראַסק פון איר אונטערגאַנג!...

# צווייטער אַקט.

ראָבעספּיערס צימער, אין דיופּלעיס הויז. אַ פענסטער. צוויי טירן. ווייסע, גאַקאַטעוועגט. אַ בעט פון גוס־האָלץ, מיט פאַרהאַנגען פון ווייס־געבלומטן בלאָען זיידנס. זייער אַן איינפאַכער שרייבטיש. עטלעכע געפלאָכטענע שטולן. אַן עטאַזשעיקע, וואָס דינט אַלס ביבליאָטעק. עטלעכע בלומען אין אַ גלאָז, אויפן פענסטער־ביישטידל. אין פראָנט פון דער סצענע, איגמיטן, אַ קליינער אויוון, מיט אַ שטול פון איין זייט, אַ טאַבורעט פון דער צווייטער. די טיר פון לינקס פירט אין קאָרידאָר פון די דיופּלעיס. דער פענסטער קומט אַרויס אויף אַ הויף, וווּ עס אַרבעטן סטאָליאַרעס. מ׳הערט דעם גערויש פון די אַרבעטער, וועלכע קלאַפּן טשוועקעס, העבלעווען און זעגן. ראָבעספּיער איז איינער אַליין, ער זיצט ביי זיין שרייבטיש.

ע ר ש ט ע   ס צ ע נ ע

## מאַדאַם דיופּלעי, ראָבעספּיער

### מ אַ ד אַ ם   ד י ו פּ ל ע י

עפנט די טיר:

איך שטער דיר, מאַקסימיליאַן?

### ר אָ ב ע ס פּ י ע ר

שמייכלט פריינטלעך:

ניין, בירגערין דיופּלעי.

ער שטרעקט איר אויס די האַנט.

### מ אַ ד אַ ם   ד י ו פּ ל ע י;

תּמיד ביי דער אַרבעט. האָסט זיך גאָרנישט צוגעשפּאָרט היינטיקע נאַכט.

### ר אָ ב ע ס פּ י ע ר;

כ׳בין געווען אין קאָמיטעט.



### מ אַ ד אַ ם   ד י ו פּ ל ע י;

כ,האָב געהערט ווי דו ביסט געקומען. ס׳איז שוין געווען נאָך דרייאזייגער. האָסטו זיך אָבער נישט געקענט אויסרוען היינטיקן פרימאָרגן?

### ר אָ ב ע ס פּ י ע ר:

דו ווייסט דאָך, כ׳שלאָף ווינציק: כ׳האָב איינגעוווינט מיין קערפּער מיך צו פאָלגן.

### מ אַ ד אַ ם   ד י ו פּ ל ע י:

דו האָסט מיר געהאַט צוגעזאָגט מער נישט צו וואַכן דורך די נעכט. דו ווערסט פאַרמאַטערט, דו וועסט אַריינפאַלן אין אַ קרענק. און וואָס וועט פון אונז דאַן ווערן?

### ר אָ ב ע ס פּ י ע ר:

מיינע אָרעמע פריינט, איר וועט זיך דאָך מוזן צוגעוווינען זיך באַגיין אָן מיר. כ׳וועל דאָך דאָ אייביק נישט זיין.

### מ אַ ד אַ ם   ד י ו פּ ל ע י:

וואָס, דו ווילסט אונז פאַרלאָזן?

### ר אָ ב ע ס פּ י ע ר

מיט אַ געמיש פון אויפריכטיקייט און פּאָזע:

ניין; און דאָך וועל איך אייך פאַרלאָזן אַסך פריער, ווי איר רעכנט.

### מ אַ ד אַ ם   ד י ו פּ ל ע י:

איך פאַרוועך דיר דאָס: כ׳האָב ברעה אַרויסצופאָרן די ערשטע, און איך אייל זיך גאָרנישט.

### ר אָ ב ע ס פּ י ע ר

שמייכלט:

כ׳וואָלט געווען רויקער, ווען כ׳זאָל וויסן, אַז מ׳איז ווינציקער צוגעבונדן צו מיר.

### מ אַ ד אַ ם   ד י ו פּ ל ע י:

וואָס? עס פאַרשאַפט דיר גאָר קיין פאַרגעניגן נישט, וואָס מ׳האָט דיך ליב?

### ר אָ ב ע ס פּ י ע ר:

פראַנקרייך וועט זיך פילן בעסער, ווען זי וועט ווינציקער טראַכטן וועגן ראָבעספּיערן, און מער וועגן דער פרייהייט.

מאַדאַם דיופּלעי:
די פּרייהייט פאַלט צענויף מיט ראָבעספּיערן׳

ראָבעספּיער:
אָט דאָס טאַקע פאַרשאַפט מיר זאָרגן וועגן איר. כ׳האָב מורא פאַר איר געזונט.

מאַדאַם דיופּלעי .
דערנענטערט זיך צום פענסטער:
ס׳אַראַ טומל זיי מאַכן אָן אין הויף! איך בין זיכער, אַז דידאָזי־קע געקלאַפּעריי פון האַמער און העבל פאַרמאַטערט דיך. כ׳האָב צוואַנציק מאָל געבעטן דיופּלעיען, די אַרבעטער זאָלן נישט אָנהויבן אַזוי פרי די אַרבעט, כדי דיך נישט צו וועקן, ווען דו שלאָפסט; ער זאָגט אָבער, אַז דו פאַרווערסט צו ענדערן אויף דאָס מינדעסטע די געוווינהייטן.

ראָבעספּיער:
ער איז גערעכט, דידאָזיקע רעגלמעסיקע אַקטיוויטעט באַרויקט מיך. די אַרבעט טוט גוט אַנדערע און זיך אַליין אויך. נאָך אַ נאַכט פון פיבערדיקע געדאַנקען, ווי די, אין וועלכע מיר זענען געצוווּנגען צו לעבן, באַנייט זי די פאַרדאָרבענע און מערדערישע לופט.

מאַדאַם דיופּלעי:
וואָסער אַרבעט האָט דיך היינטיקע נאַכט נישט געלאָזן שלאָפן?

ראָבעספּיער:
נישט די אַרבעט, נאָר די זאָרג.

מאַדאַם דיופּלעי;
דו האָסט אַ פאַרזאָרגטן אויסזען, ווי ערב אַ קאַטאַסטראָפע,

ראָבעספּיער:
יאָ, אַ קאַטאַסטראָפע׳

מאַדאַם דיופּלעי:
קענסטו זי נישט אָפּהאַלטן?

ראָבעספּיער:
פאַרקערט, איך דאַרף זי אַרויסרופן.



מאַדאַם דיופּלעי:
איך האָב נישט דאָס רעכט דיך אויסצופרעגן; מ׳דאַרף אָבער היינט נישט טרויערן. די גאַנצע שטוב לעבט אין אַ יום־טוב שטימונג. לע באַ און סען־זשיוסט זענען היינטיקע נאַכט צוריקגעקומען פון דער אַרמיי.

ראָבעספּיער:
סען־זשיוסט איז צוריקגעקומען? אויסגעצייכנט: כ׳נויטיק זיך אין זיין ווילן.

מאַדאַם דיופּלעי:
כ׳האָב דיר פאַרגעסן צו זאָגן: אַ גענעראַל האָט געוואָלט ריידן מיט דיר, דער גענעראַל וועסטערמאַן. ער איז דאָ געווען נאָך אַ שפּראָץ פאַר טאָג; כ׳האָב אים נישט געלאָזט אַרויפגיין. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט ווידער קומען אין אַ שעה אַרום. דאַרף מען אים אויפנעמען?

ראָבעספּיער:
כ׳ווייס נישט.

מאַדאַם דיופּלעי:
ער האָט לאַנג געוואַרט אויפן הויף. ס׳האָט גערעגנט.

ראָבעספּיער:
גוט.

מאַדאַם דיופּלעי:
ס׳אַראַ וועטער ס׳איז געווען היינטיקע נאַכט! כ׳בין צוריקגעקומען אַן אויסגעווייקטע.

ראָבעספּיער:
ווו ביסטו געווען?

מאַדאַם דיופּלעי;
אין די האַלעס. כ׳בין געשטאַנען אין דער ריי פון האַלבער נאַכט אָן. האָט מען זיך דאָס געשטויסן אביסל! ס׳איז אוממעגלעך אויף אַ רגע מיט אַן אייג צוצומאָן: תיכף ומיד איז דיין פּלאַץ פאַרנו־מען. ביים עפענען די טויערן האָט מען זיך געשלאָגן. צום גליק

קען איך מיין שטעטל באַשטיין. ענדלעך האָב איך באַוויזן צו באַקומען דריי אייער און א פערטל פוטער.

**ראָבעספּיער:**

דריי אייער אויף אַ שטוב, דאָס איז קנאַפּ.

**מאַדאַם דיופּלעי:**

פאַר עלעאָנאָר, פאַר עליזאַבעט, און פאַר דיר, — מיינע דריי קינדער.

**ראָבעספּיער:**

גוטע מוטערל דיופּלעי, מיינסטו דען, אַז כ'וויל דיר אַרויסרייסן דעם ביסן פון מויל?

**מאַדאַם דיופּלעי:**

דו וועסט מיר נישט צופּזאָגן: צוליב דיר בין איך דאָרט געווען. דו ביסט אַ קראַנקער. דו האָסט אַ קראַנקן מאָגן. ווען די זאָלסט כאָטש וועלן פליש! אָבער דו פאַרווערסט עס צו קויפן.

**ראָבעספּיער:**

אין פליש איז אַ מאנגל; מ'דאַרף עס האַלטן פאַר די זעלנער און קראַנקע. מיר האָבן דעקרעטירט אַ בירגערלעכן תענית. איך און מיינע חברים דאַרפן געבן דעם ביישפּיל פון מעסיקייט אין עסן.

**מאַדאַם דיופּלעי:**

נישט יעדער האָט דיין געוויסנהאַפטיקייט.

**ראָבעספּיער:**

כ'ווייס עס. כ'האָב געזען, ווי מאַנכע פון זיי הוליען אינמיטן דער אַלגעמיינער נויט; דאָס וואַרפט אויף מיר אַ שרעק. יעדע פון דידאָזיקע סעודות גנבעט ביים פאָטערלאַנד די קראַפט פון אַ דרייסיק זיינע פאַרטיידיקער.

**מאַדאַם דיופּלעי:**

ס'אַרא נויט! נישטאָ קיין פליש, נישטאָ קיין עופות, נישטאָ קיין מילכיקס. די גרינסן זענען רעקווירירט דורך דער אַרמיי. ביי דעם אַלעם, קען מען זיך שוין מער נישט דערוואַרעמען. שוין די צווייטע נאַכט ווי דיופּלעי וואַרט אָפּ זיין ריי ביי דער קוילן-שיף;



ער איז אָקאָרשט צוריקגעקומען מיט ליידיקע הענט. וואָס שייך האָלץ, קען מען גאָר וועגן דעם נישט טראַכטן. ווייסטו וועלכן פרייז מ'האָט מיר געבעטן פאַר אַ קלאַפּטער? פיר הונדערט פראַנק! — צום גליק איז נישט ווייט דער פרילינג. נאָך איין חודש, און מיר וועלן אַלע זיך אָפּרוען. ווי לאַנג איך לעב געדענק איך נישט אַזאַ שווערן ווינטער.

**ראָבעספּיער:**

יאָ, דו האָסט געליטן. איר האָט אַלע געליטן, אָרעמע פרויען, און מיט וואָסער מוט! אָבער זיי מודה, אַז נישט געקוקט אויף דידאָזיקע אַלע ליידן, האָט איר אויך איבערגעלעבט פריידן, וועלכע זענען אייך פרעמד געווען: די פרייד פון מיטהעלפן, פון קלענסטן ביזן גרעסטן, ביים געהויבנסטן ווערק; די פרייהייט פון דער וועלט!

**מאַדאַם דיופּלעי:**

געוויס, איך בין גליקלעך. וואָס עס זאָל איצט נישט קומען, — דידאָזיקע צייט פון נויט וועט פאַרבלייבן דאָס בעסטע פון אונזער לעבן: דאָס זענען נישט קיין געוויינלעכע, זינלאָזע ליידן, וואָס ברענגען קיין נוצן נישט. יעדער פון אונזערע תעניתים באַרייכערט די נאַציע. ס'אַרא שטאָלץ מיר האָבן דיר צו פאַרדאַנקען, מאַקסימיליאַן! נעכטן אָוונט ביים וועש-וואַשן, האָב איך געטראַכט: נישט געקוקט אויף דעם, וואָס כ'בין אַ קליין מענטש, וואָס כ'בין אַזוי ווינציק זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג און אַזוי מיד אָנצוהויבן יעדן טאָג פונסניי דעם געיעג נאָכן טאָג-טעגלעכן ביסן, אַרבעט איך דאָך לטובת דעם פאָטערלאַנד; דאָס מינדסטע פון מיינע מאַטערנישן גייט נישט פאַרלאָרן; יעדע פון מיינע אָנשטרענגונגען גייט אַריין אין חשבון פון נצחון, און איך מאַרשיר מיט אייך בראש פון דער מענטשהייט!

### די אַרבעטער

זינגען אין הויף:

מיר זעגן און האַמערן טאָג ווי נאַכט,
אַרבעט פלייסיק, געזעלן,
ביקסן-קאָלבעס, פּיקעס-שטילן,
אונזער באַוואָפנטער מאַכט
זאָל גאָרנישט פעלן.

**מאראם דיופלעי**
שמייכלענדיק:
זיי ענדיקן אַ באַשטעלונג פאַר דער צפון-אַרמיי; זיי האָבן פוסטע מאָגנס, אָבער זיי זענען צופרידן.

**ראָבעספיער:**

געהויבן פאָלק! ווי גוט עס איז צו זיין אַ טייל פון דיר! ווער קען מוחל זיין די יעניקע, וועלכע באַמיען זיך צו פאַרגיפטן דעם דאָזיקן קוואַל פון בטול-היש און זעלבסט-אָפּפערונג?

מ,הערט ווי וועסטערמאַן שילט אין דרויסן.

**מאַדאַם דיופלעי:**

דאָס איז דער גענעראַל. ער איז אומגעדולדיק.

**ראָבעספיער:**

לאָז אים אַרויף.

מאַדאַם דיופלעי גייט אַרויס. — ראָבעספיער וואַרפט אַ בליק אין זיין שפּיגל. אין איין מאָמענט ווערט זיין פיגור בעענדערט. זי ווערט שטייף, אומבאַוועגלעך, כאַראַקטערלאָזע גליווערט.

## צווייטע סצענע

## ראָבעספיער, וועסטערמאַן

**וועסטערמאַן**
קומט שטורמיש אַריין:
צו אַלדי רוחות! שוין צוויי שעה ווי כ'שטיי אויף די פיס פאַר דיין טיר. צו אַלדע רוחות, צו דיר איז שווערער אַריינצוקומען ווי אין אַ שטאָט אין וואַנדעי...

ראָבעספיער, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, אומבאַוועגלעך, מיט שטרענגע געזיכט-שטריכן, מיט ליפּן אין אַ שניירעלע, קוקט וועסטערמאַנען גלייך אין די אויגן. וועסטערמאַן, אויף איין מאָמענט אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט, רעדט ווייטער

**וועסטערמאַן:**

כ'האָב געמיינט, אַז דו האָסט מיך נישט געוואָלט אויפנעמען. דע-מולען האָט מיר געזאַגט, אַז מ'וועט מיך נישט דורכלאָזן. און איך האָב געשוואָרן, אַז כ'וועל אַריינקומען, ווען כ'זאָל אַפילו דאַרפן אויפרייסן דיין טיר מיט האַמאַטן-שאָסן... ער לאַכט דו ענטשולדיקסט מיין מיליטערישע אָפנהאַרציקייט? ראָבעספיער שווייגט ווייטער. וועסטערמאַן, אַלץ מער און מער זשענירט, פּרובירט זיך צוגעבן אַ זעלבסטזיכערן אויסזען

צום טייוול! ביסט גוט באַוואַכט. פאַר דיין טיר שטייט אויף דער וואַך אַ שיין מיידל; זי צירעוועט זאָקן. זי איז נישט געמיטלעך, דאָס פרייליין. נישט איבערצוקייפן — ווי דו! כ'וואָלט געמוזט אַריבערטרעטן איבער איר קערפּער. אַפילו אין שונאס לאַנד וואָלט נישט געקענט זיין אַזוי אומאַנגענעם... ער לאַכט געמאַכטערהייד. ראָבעספיער שווייגט, אָבער ער באַוועגט די הענט מיט אומגעדולד. וועסטערמאַן זעצט זיך צו, וויל זיך מאַכן באַקוועם. ראָבעספיער בלייבט שטיין. וועסטערמאַן הייבט זיך ווידער אויף. די שוטים ווילן האָבן, אַז דו ביסט מיין שונא. איך קוועטש אויף דעם מיט די באַרקעס. די טוגנט אַ שונא פון טוגנט! נאַרישקייטן! קען דען אַריסטידעס זיין אַ שונא לעאָנידאַסן? צי דען איז נישט נאַטירלעך, אַז די פעסטונג פון דער רעפּובליק און דער שוץ-וואַל פון פאָטערלאַנד זאָלן זיך קעגנזייטיק אונטערשטיצן? אַזעלכע מענער ווי מיר, וועלכע שטעלן העכער פאַר אַלץ דעם רום פון דער נאַציע, וועלן זיך תמיד צוזאַמענריידן, נישט אמת?... ער שטרעקט אים אויס די האַנט. ראָבעספיער נישט ער רירט זיך, נישט ער ענט-פערט. ווילסטו מיר נישט געבן די האַנט?.. צו אַלדי רוחות! איז דאָס אַלזאָ אמת? ביסט מיר אַ שונא? דו פּלאַנסט מיין אונטער-גאַנג? חזרים-באַנדע! ווען איך זאָל דאָס וויסן!... בין איך דען אַן אויסוואורף, וואָס דו לאָזט מיך צוויי שעה פרירן ביי דיר אין הויף, און ווען כ'בין שוין ביי דיר, לייגסטו מיר אַפילו נישט פאָר אַ שטול זיך צוצוזעצן, דו לאָזט מיך שטיין און ריידן צו דער וואַנט, נישט ענטפערנדיק? צום טייוול! ער קלאַפּט מיט דער פוס אין דיל

**ראָבעספיער**
אייז-קאַלט:
גענעראַל, איר האָט גענומען אַ פאַלשן וועג. ס'איז זייער ווייט פון לעאָנידאַסן ביז פאָטער דיושען. איר זוכט אייערע מאָדעלן אויף אַ געפערלעכן פּלאַץ.

**וועסטערמאַן**

צעטומלט:

וואָסער פלאַן?

**ראָבעספיער:**

דער רעוואָלוציע - פלאַן.

**וועסטערמאַן**

לגמרי צעמישט:

אָבער גאָט מיינער, וואָס אַזוינס האָב איך געטאָן, בירגער? און וואָס באַשולדיגסטו מיך?

**ראָבעספיער:**

דאָס וועט אייך זאָגן דער קאָמיטעט פאַר עפנטלעכער רעטונג.

**וועסטערמאַן:**

איך האָב דאָס רעכט צו פאָדערן דערקלערונגען.

**ראָבעספיער:**

פרעגט אייער געוויסן.

**וועסטערמאַן:**

ער מאַכט מיר נישט קיין שום פאָרוואורפן.

**ראָבעספיער:**

כ'באַדויער דעמיענוקן, וועלכער קען שוין מער נישט הערן די שטים פון חרטה.

**וועסטערמאַן**

צווינגט זיך צו זיין רויק, אָבער זיין שטים ציטערט פון ווייטאָק און גרימצאָרן:

כ'האָב נאָר איין חרטה - געפיל: וואָס כ'האָב מקריב געווען מיין לעבן פאַר אַזאַ אומדאַנקבאַר פאָטערלאַנד. שוין דרייסיק יאָר ווי כ'לייד פאַר אים יעדער אַרט נויט. כ'האָב עס צען מאָל מציל געווען פון דעם שונאס אינוואַזיעס. קיינמאָל האָט עס נישט אנערקענט מיינע פאַרדינסטן. דער ערגסטער בעסטער מסור דענונצירט מיך: מ'נעמט אין אכט די אַנאָנימע בריוו פון זעלנער, פון וועלכע כ'האָב מיט קלאַפּ אַרויסגעטריבן די פחדנות; מ'באַשולדיקט מיך, מ'דראָט מיר, מ'זעצט מיך אַראָפּ פון מיין אַמט; שוטים, גאָרנישטן, אויסוואורפן קריכן איבער מיר אין דער הויך; איך מוז געהאָרכן אַ ראָסיניאָל, אַ נאַרישן גאָלד - שמיד, וואָס פאַרשטייט גאָרנישט אין



מלחמה, וועלכער האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען נאָר אַ דאַנק זיינע שטותערייען און וואָס זיין גאַנצער יחוס באַשטייט אין זיין נידעריקער אָפּשטאַמונג און אין דער פּראָטעקציע פון די יאַקאָבינער. קלעבער, דיובאַיע און מאַרסאָ מאַטערן זיך אויף נידעריקע פאָסטנס און אַ קרעמער פון ניאָר פירט אָן מיט צוויי אַרמייען!

**ראָבעספיער:**

די רעפּובליק שעצט מער אין אַ פירער די קראַפט פון זיינע רעפּובליקאַנישע איבערצייגונגען, ווי זיינע מיליטערישע פעיקייטן.

**וועסטערמאַן:**

צי שעצט די רעפּובליק אויך ראָסיניאָלס מפּלות?

**ראָבעספיער:**

די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר ראַסיניאָלס מפּלות פאַלט נישט אויף אים, נאָר אויף די, וועלכע רינגלען אים אַרום. אויב קלעבער, דיובאַיע, וועסטערמאַן זענען אַזוי שטאָלץ מיט זייערע פעיקייטן, טאָ זאָלן זיי זיי שטעלן אין דינסט פון גענעראַל, וועלכן די נאַציע האָט געשטעלט איבער זיי.

**וועסטערמאַן:**

הייסט עס, אַז אויף אַזאַ אופן ווילט איר צורויבן ביי אונז דעם רום פון אונזערע מעשים?

**ראָבעספיער:**

יאָ.

**וועסטערמאַן:**

זייט זיך מודה: דער מיליטערישער רום יאָגט אָן אויף אייך אַ פחד, איר ווילט אים דערנידעריקן?

**ראָבעספיער:**

יאָ.

**וועסטערמאַן**

באַליידיקנדיק:

ער שטייט אין וועג דער אַמביציע פון די אַדוואָקאַטן?

**ראָבעספיער:**

ער באַליידיקט דעם פאַרשטאַנד. ער באַדראָט די פרייהייט. וואָס פילט אייך אָן מיט אַזאַ שטאָלץ? איר דערפילט נאָר אייער חוב,

איר שטעלט איין אייער לעבן? אונזערע אלעמענס קעפ אין פראנקרייך שטייען אין קאָן פון דער מוראדיקער שפיל, וועלכע מיר שפילן מיטן דעספּאָטיזם. מיט וואָס איז אייער פאַרדינסט, דאָס שטיין פנים אל פנים מיטן טויט, גרעסער פאַר אונזערן? אַלע זענען מיר געהייליקט צום טויט, אָדער צום זיג. איר זענט, אזוי ווי מיר, אינסטרומענטן פון דער רעוואָלוציע, די האַק, וועלכע דאַרף דורכברעכן אַ וועג פאַר דער רעפּובליק דורך אירע שונאים. דאָס איז א שווערע אויפגאַבע, וועלכע ס'פּאַסט אָנצונעמען אָן שוואַכקייט, אָבער אויך אָן גאוה. איר האָט נישט קיין גרעסערן גרונט צו זיין שטאָלץ מיט אייערע האַרמאַטן, ווי מיר מיט אונזער גיליאָטינע.

### וועסטערמאַן:

די באַליידיקסט די גרויסקייט פון מלחמה.

### ראָבעספּיער:

נישטאָ קיין גרויסע זאַך אויסער דער טוגנט. ווו זי זאָל זיך נישט געפינען: ביי זעלנער, אַרבעטער, ביי געזעצגעבערס, גיט זיי די רעפּובליק אָפּ כבוד. אָבער די פאַרברעכער זאָלן ציטערן! קיין זאַך וועט זיי נישט באַשיצן פון אירע קלעפּ, נישט זייערע טיטלען, נישט זייערע שווערדן.

### וועסטערמאַן:

די דראָונג איז געווענדעט צו מיר?

### ראָבעספּיער:

כ'האָב קיינעם נישט אָנגערופן. וויי צו דעם, וועמען עס רופט זיך אַליין אָן!

### וועסטערמאַן:

צו אַלדי רוחות! ער קוקט אָן מיט אַ דראָנגדיקן זשעסט דעם קאַלטבלוטיקן ראָבעספּיער; ער ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און גייט מיט וואַקלדיקע טריט צו דער טיר. זיך אומדרייענדיק: היט זיך, סיללא!*) מיין קאָפּ איז פעסטער, ווי דער קאָפּ פון קיוסטין. עס זענען נאָך דאָ מענער, וועלכע דיין טיראַניע שרעקט נישט כ'גיי צו דאַנטאָנען. ער שטויסט זיך אָן אין דער וואַנט, איידער ער געפינט די טיר, און גייט אַרויס מיט אַ טראַסק.

*) אַ רוימישער דיקטאַטאָר. (דער איב.)





## ראָבעספּיער, עלעאָנאָר דיופּלעי

### עלעאָנאָר

ארויסקומענדיק פון דיופּלעיס וווינונג:

?גדלעך! ער איז אַוועק! אָ! מאַקסימיליאַן, ווי כ'האָב געציטערט ?ל - זמן ער איז דאָ געווען!

### ראָבעספּיער

שמייכלט ליבלעך:

טייערע עלעאָנאָר! איר האָט געהערט?

### עלעאָנאָר:

די שטים פון דאָזיקן מענטשן האָט מיך איבערגעשראָקן; כ'האָב זיך נישט געקענט איינהאַלטן נישט אַהערצוקומען; כ'בין געווען דאָ נאָענט, אין מאַמאַס צימער.

### ראָבעספּיער:

און וואָס וואָלט איר דען געקענט טאָן, ווען ער זאָל האָבן שלעכטע כוונות?

### עלעאָנאָר

צעמישט;

כ'ווייס נישט.

### ראָבעספּיער

נעמט איר האַנט, וועלכע זי באַהאַלט הינטערן רוקן:

און דאָס וואָס איז?

### עלעאָנאָר

רויט - ווערנדיק:

אַ רעוואָלווער, וועלכן פיליפּ האָט היינט ביינאַכט, ביים אַהיימגיין, איבערגעלאָזן אויפן טיש.

### ראָבעספּיער

נ מט צו ביי איר דעם רעוואָלווער און איבערלאָזנדיק איר האַנט אין זיינער:

ניין, ניין, זאָלן דידאָזיקע הענט נישט באַשמוצט ווערן דורך מאָרד-

געצייג. אַפילו כּדי מציל צו זיין מיין לעבן זאָלן זיי נישט פאַרגיסן קיין בלוט. זאָלן לכל הפּחות בלייבן אין גאַנצן קאָסמאָס צוויי פריינטלעכע הענט, צוויי אומשולדיקע הענט, כּדי צו רייניקן די מענטשהייט און ראָבעספּיערס האַרץ פון זייער בלוטיקער באַשטימונג, — ווען דאָס ווערק וועט זיין פאַרענדיקט.

## עלעאָנאָר:

פאַרוואָס שטעלט איר זיך אַזוי אין סכּנה? איר האָט דעמדאָזיקן מענטשן אויפגערייצט, צרויסגעפאָדערט, און ער האָט אַ שם פון אַ גרויזאַמען.

## ראָבעספּיער:

איך שרעק מיך לגמרי נישט פאַר דידאָזיקע שווערד-העלדן. ווי נאָר מ׳נעמט זיי צו פון שלאַכט, איז זייער קראַפט נישט מער ווי אַ פוסטער געוויש, זייערע קני ציטערן, ווען זיי געפינען זיך פאַר דער מאַכט, וועלכע זייער אייזן האָט קיינמאָל נישט באַגעגנט אין שלאַכט און איז ביי פאַר זיי: פאַרן געזעץ.

## עלעאָנאָר:

דער בירגער פושע איז אויך געקומען; אָבער, לויט אייער פאַראָרדנונג, האָט מען אים נישט צוגעלאָזן.

## ראָבעספּיער:

מיין טיר איז אויף תּמיד פאַרמאַכט פאַר דעם, וועלכער האָט געשענדעט די מאַיעסטעט פון טעראָר אין דער שחיטה פון ליאָן.

## עלעאָנאָר:

ער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן; ער האָט געוויינט.

## ראָבעספּיער

הארט:

אויך דער קראָקאָדיל וויינט.

## עלעאָנאָר:

ער איז אַוועק צו אייער שוועסטער, זי בעטן זיך משתּדל צו זיין פאַר אים.



## ראָבעספּיער

מיט אַ געענדערטן טאָן, אומרויק, דערשראָקן:

אַך! גאָט מיינער, זי וועט קומען!... דערדאָזיקער פויגל האָט זי איינגערעדט, אַז ער האָט זי ליב געהאַט; זי שעצט אים לגמרי נישט; אָבער שבחים קויפן תּמיד אונטער אַ פרוי, פון וועלכער זייט זיי זאָלן נישט קומען. זי וועט אים פאַרטיידיקן. ווי גאָט איז אייך ליב, לאָזט זי נישט אַריין. זאָגט איר, אַז כ׳בין באַשעפטיקט, אַז כ׳קען קיינעם נישט אָננעמען.

## עלעאָנאָר

שמייכלט:

איר שטעלט זיך אַנטקעגן אַלע טיראַנען פון אייראָפּע, און אייער שוועסטער וואַרפט אָן אויף אייך אַ שרעק.

## ראָבעספּיער

שמייכלט:

זי איז אַ גוטע פרוי, און האָט מיך ליב. אָבער זי מאַטערט מיך איין! איר אייביקע אייפערזיכטיקייט, די סצענעס, וועלכע זי מאַכט מיר יעדע רגע, שפּאַלטן מיר דעם קאָפּ. איך גלויב, אַז כ׳וועל אויף אַלץ מסכּים זיין, אַבי זי זאָל שטיל ווערן.

## עלעאָנאָר:

זייט רויק: די מוטער ווייס וואָס זי האָט צו טאָן, זי וועט זי נישט אַריינלאָזן.

## ראָבעספּיער:

ליבע פריינט! ווי איר זאָרגט פאַר מיין רו!

## עלעאָנאָר:

מיר זענען דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער נאַציע.

## ראָבעספּיער:

ווי גוט עס ווירקט אויף מיר אייער שטוב. ס׳אַראַ רו עס דערקוויקט דאָ מיין נשמה! דאָס איז נישט קיין עגאָאיסטישער מקום-מקלט, ווייט פון די שטורעמס פון דרויסן. די טיר איז ברייט אָפן פאַר די זאָרגן פון פאָטערלאַנד; אָבער אַריבערטרעטנדיק דידאָזיקע שוועל געמען זיי אָן עפּעס אַ מין וווּנדערבאַרע באַפאַרבונג.

דאָ נעמט מען אויף דעם גורל ווי אַ מאַן, נישט בויגנדיק דעם קאָפּ, אויג אין אויג. יעדעסמאָל, ווען כ'טרעט אַריבער דידאָזיקע שוועל, שפּיר איך אין דער לופט פון דאָזיקן הויף, אין דאָזיקן גערוך פון די ברעטער, — פרידן און האָפנונג. דאָס ערלעכע פּנים פון דיופּלעי, די האַרציקע שטים פון אייער מוטער, אייער האַנט, עלעאָנאָר, וועלכע איר שטרעקט אויס צו מיר מיט אַ שוועסטערלעכן שמייכל, מיט אַזוי פיל אויפריכטיקער צוגענייגטקייט, — דאָס אַלץ שענקט מיר דאָס אומשעצבאַרסטע, זעלטנסטע גוטס, יענס גוטס, וואָס מיר פעלט צום מיינסטן, און אין וועלכעס איך נויטיק זיך צום מיינסטן!

**עלעאָנאָר:**

וועלכעס גוטס?

**ראָבעספּיער:**

דער צוטרוי.

**עלעאָנאָר:**

האָט איר אומצוטרוי צו אימיצן?

**ראָבעספּיער:**

כ'געטרוי קיין שום מענטשן נישט. איך לייען אַרויס דעם שקר פון די בליקן, איך זע די לויערנדיקע פאַלשקייט הינטער פאַרזיכערונגען. זייערע אויגן, זייער מויל, זייער האַנט-דרוק, זייער גאַנצער קערפּער זאָגט ליגן. דער חשד פאַרגיפטעט אַלע מיינע געדאַנקען. כ'בין געשאַפן געוואָרן פאַר מילדערע געפילן. כ'האָב ליב די מענטשן, כ'וואָלט וועלן גלויבן אין זיי. אָבער ווי קען מען נאָך גלויבן אין זיי, ווען מ'זעט, אַזוי ווי איך, ווי צען מאָל אַ טאָג שווערן זיי פאַלש, פאַרקויפן זיך, פאַרקויפן זייערע אַרמייען, פאַרקויפן זייער פאָטערלאַנד אויס מורא, אויס אַמביציע, אויס אויסגעלאַסנקייט, אויס רשעות? כ'האָב צוגעזען, ווי ס'האָבן פאַרראַטן מיראַבאָ, לאַפאַיעט, דיומוריע, קיוסטין, דער קעניג, די אַריסטאָקראַטן, די זשיראָנדיסטן, די העבערטיסטן. דאָס מיליטער וואָלט שוין צוואַנציק מאָל אויסגעליפערט דאָס פאָטערלאַנד דער אינוואַזיע, ווען עס וואָלט נישט געשפּירט תמיד הינטער זיין פּלייצע דעם שאָטן פון דער גיליאָ-



טינע. דריי פערטל פון קאָנווענט קאָנספּירירן קעגן קאָנווענט. דאָס שלעכטס געפינט זיך אין קלעם פון דער העראָישער דיסציפּלין, וואָס די רעוואָלוציע האָט אים אויפגעצוווּנגען. עס דערוועגט זיך נישט אָנצוגרייפן די טוגנט אָפן; עס מאַסקירט זיך אַלס מיטלייד, פאַרגעבונג, כדי אָפּצונאַרן די עפנטלעכע מיינונג, זי דערהיצן לטובת די אויסוואָרפן, זי אויפצוהעצן קעגן די פּאַטריאָטן. כ'וועל אַראָפּרייסן די מאַסקעס, כ'וועל די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג צווינגען צו זען, וואָס זיי דעקן צו: דאָס עקלהאַפטע פּנים פון בגידה; די פאַרשטעלטע מיטהעלפער פון די פאַרשווערער וועל איך צווינגען אָדער צוזאַמען מיט מיר זיי צו פאַרמשפּטן, אָדער צוזאַמען מיט זיי אומצוקומען: די רעפּובליק וועט זיגן. אָבער, אָ גאָט! צווישן וויפל חורבות! די פאַרדאָרבנקייט איז ווי די הידרע. יעדעס בלוט-טראָפּן, וואָס ווערט פאַרגאָסן, רופט אַרויס צום לעבן נייע פאַרזעענישן. די בעסטע פאַלן אַלס איר קרבן, איינער נאָכן צווייטן, פון אָנשטעקונג. איערנעכטן — פיליפּאָ; נעכטן — דאַנטאָן; היינט — דעמולען... דעמולען, מיין יוגנט פריינט, מיין ברודער!... ווער וועט מאָרגן פאַרראַטן?

**עלעאָנאָר:**

איז דאָס מעגלעך? אַזוי פיל בגידה! און איר האָט באַווייזן אויף דעם?

**ראָבעספּיער:**

יאָ, נאָך מער ווי באַווייזן: די מאָראַלישע זיכערקייט, דאָס דאָזיקע זיכערע ליכט, וואָס פאַרפירט מיך קיינמאָל נישט.

**עלעאָנאָר:**

ניין, איר קענט נישט האָבן קיין טעות: איר ווייסט אַלץ, איר זעט ביז אין די טיפענישן פון די הערצער. אך! זענען זיי אַלע פאַרדאָרבן?

**ראָבעספּיער:**

עס זענען דאָ פיר, אָדער פינף מענטשן, וועלכע כ'אַכפּער: דער ערלעכער קוטאָן, וועלכער איז נישט עמפּינדלעך צו זיינע אייגענע ליידן, און טראַכט נאָר וועגן די ליידן פון דער מענטשהייט; דער

ליבלעכער, באַשיידענער לע בא; מיין ברודער, וועלכער איז גרויס־מוטיק, אָבער ער האָט צו פיל ליב תענוגים: צוויי קינדער און איין שטאַרבנדיקער.

### עלעאָנאָר:

און סען־זשיוסט?

### ראָבעספיער:

פאַרן דאָזיקן האָב איך מורא. סען־זשיוסט, דער לעבעדיקער שווערד פון דער רעפּובליק, דער אומברחמנותדיקער כּלי־זין, אויך מיך וועט ער מקריב זיין אזוי גוט ווי די אַנדערע, צו זיין אייזערנעם געזעץ. — אַלע איבעריקע זענען בוגד. געשטערט דורך מיין העלזעעוודיקייט, אייפערזיכטיק אויף דער ליבע פון פאָלק, באַמיען זיי זיך מיך צו מאַכן פאַרהאַסט. די פּראָקאָנסולן פון מאַרסעל און פון ליאָן דעקן צו זייערע גרויזאַמע מעשים מיט ראָבעספּיערס נאָמען. די קאָנטר־רעוואָלוציע נעמט אָן דאָ דאָס פּנים פון סליחה ומחילה, דאָ דאָס פּנים פון טעראָר. ווען די מידקייט זאָל מיך אויף איין רגע גובר זיין, איז אויס מיט מיר, איז אויס מיט דער רעפּובליק. קוטאָן איז קראַנק. לע באַ און מיין ברודער זענען ביידע לייכטזיניק, סען־זשיוסט איז ווייט, ער האַלט אין די הענט די אַרמייען. איך בין איינער אַליין צווישן דידאָזיקע בויגדים, וועלכע רינגלען מיך ארום, אויסקוקנדיק אַ געלעגנהייט מיך צו טרעפן פון הינטן. זיי וועלן מיך טויטן, עלעאָנאָר.

### עלעאָנאָר

אַנכאַפּנדיק זיין האַנט מיט יונגטלעכער היץ:

ווען איר שטאַרבט, וועט איר נישט שטאַרבן אַליין.

ראָבעספּיער קוקט זי אָן מיט ליבע, זי ווערט רויט

### ראָבעספיער:

ליבע עלעאָנאר, ניין, איר וועט נישט שטאַרבן. איך בין שטאַרקער פאַר מיינע פחדנותדיקע שונאים, כ'האָב אויף מיין זייט דעם אמת.

### עלעאָנאָר:

אַך! וועלכע זאָרגן עס צעפרעסן אייך, בעת איר וואָלט דאָך געדאַרפט זיין אַזוי גליקלעך, איר, וועלכער אַרבעט פאַרן גליק פון אַלע! ווי אומגערעכט איז דאָס לעבן!



### ראָבעספיער:

כ'האָב אייך טרויעריק געמאַכט. ס'איז געווען אַן אומרעכט פון מיין זייט צו צעשטערן אייער צוטרוי אין לעבן. זייט מיר מוחל.

### עלעאָנאָר:

האָט אויף קיין זאַך קיין חרטה נישט. כ'בין שטאָלץ מיט אייער צוטרוי. די גאַנצע נאַכט האָב איך געטראַכט וועגן יענע זייטלעך פון רוססאָ, וועלכע איר האָט אונז נעכטן פאָרגעלעזן. זיי האָבן ווונדערבאַר פאַרוויגט מיין נשמה. כ'האָב געהערט דעם קלאַנג פון אייער שטים, און דידאָזיקע צאַרטע ווערטער... אָ! איך קען זיי אויף אויסנווייניק.

### ראָבעספיער

רעציטירט מיט אַ ליבלעכן, אַ ביסל מעלאַנכאָליטן, אַ ביסל פּאַטעטישן, אָבער דאָך אויפריכטיקן שמייכל:

„די פאַרבינדונג פון די הערצער דריקט אַרויף אויף דער עצבות אַ געוויסן שטעמפּל פון זיסקייט און געדירטקייט, וואָס פעלט דער צופרידנקייט, און די פריינטשאַפט איז ספּעציעל געגעבן געוואָרן די אומגליקלעכע, כדי צו לינדערן זייערע שמערצן און טרייסטן זייערע ליידן". עלעאָנאָר, איר האַנט אין ראָבעספּיערס האַנט, שווייגט אַ שמייכלענדיקע און פאַררויטלטע איר שווייגט?

### עלעאָנאָר

רעציטירט:

„צי דען קען דאָס, וואָס מ'זאָגט דעם פריינט, זיך גלייכן אַמאָל מיט דעם, וואָס מ'שפּירט ביי זיין זייט?"

### מאַדאַם דיופּלעי

פון דרויסן:

מאַקסימיליאַן, סען־זשיוסט איז דאָ.

עלעאָנאָר אַנטלויפט.

# ראָבעספּיער, סען־זשיוסט

סען־זשיוסט קומט רויק אריין. ראָבעספּיער בייט אים אנטקעגן. זיי גיבן זיך די הענט, ווי זיי האַלטן זיך געטראָפן נאָך אַ פּאָר שעהדיקער צעשיידונג

### סען־זשיוסט:

גוטמאָרגן.

### ראָבעספּיער:

גוטמאָרגן־ סען־זשיוסט. זיי זעצן זיך

### סען־זשיוסט

באַטראַכט אים רויק:

מיר פרייט, וואָס כ׳זע דיך.

### ראָבעספּיער:

לע באַ האָט אונז געשריבן, אַז ס׳האָט ווייניק געפעלט מיר זאַלן דיך שוין מער נישט זען.

### סען־זשיוסט:

יאָ. נאָך אַ שטילשווייגן אויפן פראָנט נויטיקט מען זיך אין כלי־זין; די אַרמיי שפּירט אַ מאַנגל אין ביקסן.

### ראָבעספּיער;

מען אַרבעט זיי אויס, גאַנץ פּאַריז איז מיט דעם פאַרנומען. מען שמידט אין די קירכעס. יעדע אַנדערע אַרבעט איז אָפּגעשטעלט. פאַרבייגייענדיק האָסטו געקענט באַמערקן ווי דיופּלעיס סטאָליאַרעס אַרבעטן אויס די האָלץ־טיילן פון די ביקסן. די זייגערמאַכערס אַרבעטן ביי די שלעסער; אויף די שטאָטישע פּלעצער הילכן אָפּ די קאָוואַדלעס.

### סען־זשיוסט

נאָך אַ שטילשווייגן;

די לעבנסמיטל זענען קנאַפּ. גאַנצע דיוויזיעס האָבן נישט קיין פּראָוויאַנט. די צייט איז קורץ, די אָפּענזיווע וועט זיך שפּעטסטנס אָנהייבן אין דריי וואָכן אַרום; מ׳דאַרף זען, אַז דאָס בלוט פון גאַנץ פראַנקרייך זאָל צוזאַמענשטראָמען צום צפון.



### ראָבעספּיער:

די פאַראָרדנונגען זענען געגעבן געוואָרן. פראַנקרייך פאַסט. זאָל אירע זעלנער זאָלן עסן.

### סען־זשיוסט:

ווי נאָר איר וועט אויפהערן נויטיק צו האָבן מיינע עצות, שיקט מיך ווידער אָפּ אויפן פראָנט. די ערשטע צוזאַמענשטויסן וועלן זיין אַנטשיידנדיק. מ׳מוז אָנשטרענגען אַלע טאָט־כחות.

### ראָבעספּיער:

צי דען שעפּט דיך דאָס דאָזיקע לעבן נישט אויס?

### סען־זשיוסט

אויפריכטיק, ליידנשאַפטלעך, קאָנצענטרירט, אין דעם מינדעסטן זשעסט:

עס פרישט מיך אָפּ נאָך די אומפרוכטבאַרע ועוחים. דער געדאַנק און די טאַט פאַרבינדן זיך דאָרט אויפן פראָנט ווי דער צוזאַמענשטויס פון די וואָלקנס מיטן בליץ, וואָס שפּריצט אַרויס. יעדער ווילנסאויסדרוק לייגט תיכף זיין שטעמפּל, אויף אייביק, אין דעם בלוט פון מענטשן און אויף דעם גורל פון דער וועלט... די גרויסקייט פון דער אויפגאַבע! געטלעכע באַנגיקייט!.. ביינאַכט, אין שניי, אויף די פאָרפּאָסטנס פון דער אַרמיי, אויף דער טרויעריקער רחבות פון פלאַנדרישן פליין, אונטער דער אין־סופיקייט פון אַן אייזיקן הימל, פיל איך ווי אַ ציטער פון פרייד לויפט מיר דורך איבערן קערפּער, און מיין בלוט שלאָגט כוואַליעסווייז אין מיין ברוסט. איינע אַליין, פאַרלאָזן אין די פינסטערנישן פון קאָסמאָס, אַרומגערינגלט פון פיינט, אַריבערגעבויגן איבערן קבר, זענען מיר אין אייראָפּע די שומרים פון פאַרשטאַנד, דאָס לעבעדיקע ליכט. ביי יעדער אַנטשיידונג שטייט אין קאָן דער גורל פון דער וועלט. מיר וועלן איבערשאַפן דעם מענטשן.

### ראָבעספּיער:

גליקלעך איז דער, וועמען קיין שוואַכער קערפּער פאַרהאַלט נישט דאָ, ווייט פון דער טאַט!

### סען־זשיוסט:

ווער איז טעטיקער פאַר דיר? די פרייהייט פון דער וועלט איז איינגעשלאָסן אין פּאַריז.

**ראָבעספּיער:**

דאָ פילט מען זיך פאַרמשפּט צו קעמפן מיט דער פאַרדאָרבנקייט. זי פאַרשמוצט נישט ווילנדיק. כ׳בין מודה, ווען כ׳זע ווי דער רייסי־קער שטראָם פון דער רעוואָלוציע מישט אויס דעם שמוץ פון פאַרברעכנס מיט דער טוגנט, האָב איך מורא צו ווערן באַשמוצט אין די אויגן פון די שפּעטערע דורות דורך דער אומריינער שכנות פון פאַרדאָרבענע מענטשן.

**סען־זשיוסט:**

לייג אוועק די האַק צווישן דיר און זיי. אומריינע מוז מען אָנרירן נאָר מיט אייזן.

**ראָבעספּיער:**

די קאָרופּציע כאַפּט אַרום אַלע. מענער, אויף וועלכע כ׳האָב צום מיינסטן אויסגערעכנט. אַלטע פריינט.

**סען־זשיוסט:**

נישטאָ קיין פריינטשאַפטן! דאָס פאָטערלאַנד.

**ראָבעספּיער:**

דאַנטאָן דראָט. אויף דאַנטאָנען פאַלט אַ חשד. ער צעגיסט זיך אין העפטיקע און באַליידיקנדיקע ווערטער. ער רינגלט זיך אַרום מיט אינטריגאַנטן, נואפים, רוינירטע געלטזעק, דעגראַדירטע אָפיצירן. אַלערליי אומצופרידענע זאַמלען זיך צענויף אַרום אים.

**סען־זשיוסט:**

זאָל דאַנטאָן פאַרשווינדן!

**ראָבעספּיער:**

דאַנטאָן איז געווען אַ רעפּובליקאַנער. ער האָט ליב געהאַט דאָס פאָטערלאַנד. ער האָט עס נאָך, אפשר, ליב.

**סען־זשיוסט:**

עס האָט נישט ליב דאָס פאָטערלאַנד דער, וועלכער רעספּעקטירט עס נישט דורך דער שטרענגער ריינקייט פון זיין לעבן. דער איז נישט קיין רעפּובליקאַנער, ווער ס׳האָט די שלעכטע מידות און פּרינציפּן פון אַ אַריסטאָקראַט. כ׳האַס קאַטילינאַן*). זיין ציניש

---

*) אַ רוימישער פּאַטריציער. אַ שם נרדף פאַר פאַרשווערער (דער איב.)



האַרץ, זיין פּחדנותדיקע אינטעליגענץ, זיין אומווירדיקע פּאָליטיק, וואָס וואַקלט זיך צווישן אַלע פּאַרטייען, כּדי פון אַלע באַדינט צו ווערן, דערנידעריקט די רעפּובליק. זאָל דאַנטאָן אונטערגיין!

**ראָבעספּיער:**

ער שלעפּט מיט אין זיין אונטערגאַנג דעם אומפאַרזיכטיקן דעמולען.

**סען־זשיוסט:**

דערדאָזיקער אומפאַרשעמטער בעל־מליצה, פאַר וועמען די אומגליקן פון פאָטערלאַנד זענען נאָר מאַטעריאַל פאַר סטיל־עפעק־טן, דערדאָזיקער גאווהדיקער שיינגייסט, וועלכער וואָלט גרייט געווען מקריב צו זיין די פרייהייט פאַר אַן אַנטיטעזע!

**ראָבעספּיער:**

אַ קינד, דער נאַר פון זיינע פריינט און פון זיין גייסט.

**סען־זשיוסט:**

אויך דער גייסט איז אַ פאַרברעכן, ווען פראַנקרייך געפינט זיך אין סכּנה. די אומגליקן פון פאָטערלאַנד האָבן אויף דער גאַנצער מלוכה אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּל פון טרויער און רעליגיאָזיטעט. איך האָב נישט קיין צוטרוי צו די, וועלכע לאַכן.

**ראָבעספּיער:**

כ׳האָב ליב דעמולענען.

**סען־זשיוסט:**

כ׳האָך דיך ליב. וועסטו אָבער ווערן אַ פאַרברעכער, וועל איך אַפילו דיך אָנקלאָגן.

**ראָבעספּיער**

רוקט זיך אָפּ פון אים. נאָך אַ קורצן שטילשווייגן דערנענטערט ער זיך ווידער

אַדאַנק. — דו ביסט אַ גליקלעכער; קיינמאָל וואַקלסטו זיך נישט. נישטאָ אין דיר קיין קעגנגעוויכט צום האַס פון דער פאַרדאָרבנ־קייט.

**סען־זשיוסט:**

כ׳האָב די פאַרדאָרבנקייט געזען אַסך נענטער ווי דו.

**ראָבעספּיער:**

ווו?

**סען-זשיוסט:**

אין זיך גופא.

**ראָבעספּיער**

פאַרוואונדערט:

אין דיר, וואָס דיין גאַנץ לעבן איז אַ מוסטער פון בטול-היש און פון זיך מקריב זיין!

**סען-זשיוסט:**

דו חייסט גאָרנישט.

**ראָבעספּיער**

מיט אַ טאָן פון אומגלויבן:

עפּעס אַ יוגנט-חטא?

**סען-זשיוסט**

אַנגעכמורעט:

כ'האָב זיך געפונען ביים ברעג פון תהום; אין זיין טיפעניש האָב איך געזען דאָס פאַרברעכן, גרייט מיך איינצושלינגען. פון דעמאָלט אָן האָב איך געשוואָרן עס צו פאַרטיליקן אין דער וועלט, ווי אין מיר.

**ראָבעספּיער:**

איך ווער אָפּטמאָל מיד פון דאָזיקן קאַמף. דער שונא איז אומעטום. קענען מיר דען איבעראַנדערשן די מענטשהייט? ווע̄לן מיר ברענגען אונזער טרוים צו הערשאַפט?

**סען-זשיוסט:**

אין דעם טאָג, ווען כ'וועל מיך איבערצייגן, אַז ס'איז אוממעגלעך דורכצופירן אונזער ווערק, וועל איך זיך דערשטעכן.

**עלעאָנאָר**

עפנט די טיר; זאָגט:

ביליאָ-וואַרען און וואַדיע זענען דאָ.





# ראָבעספּיער, סען-זשיוסט, ביליא-וואַרען, וואַדיע

ביליא-וואַרען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַנגעכמורעט, נידערשלאָגן פון מידקייט, מיט אַ ביסל צערודערטע אויגן. וואַדיע, דינינקע ליפּן, שפּאָטיש, גאַליקראָבעספּיער און סען-זשיוסט הויבן זיך אויף זייער קאַלט. זיי גריסן זיך מיט'ן קאָפּ, מיט אַ קורצן און טרוקענעם שאָקל, נישט געבנדיק זיך די הענט.

**ביליא-וואַרען:**

גרוס און ברודערלעכקייט.

**וואַדיע**

דערזעענדיק סען-זשיוסטן:

סען-זשיוסט... נו גוט, איצט וועט עס קלאַפּן. מיר ווע̄לן אָנזאָגן די פאַרלאָרענע צייט. ביליא און וואַדיע זעצן זיך צו אומזשענירט, סען-זשיוסט שפּאַנט אַרום איבערן צימער. ראָבעספּיער בלייבט שטיין, אָנגעשפּאַרט אין פענסטער. — נאָך אַ שטילשווייגן:

**ביליא:**

די גיליאָטינע! האָסט צו לאַנג געוואַרט, ראָבעספּיער: מיר זענען אין סכנה. וועט דאַנטאָן מאָרגן נאָך לעבן, איז די פרייהייט פאַרלאָרן.

**ראָבעספּיער:**

וואָסערע נייעס?

**ביליאָ**

מיט פּאַפּירן אין דער האַנט:

גיב אַ קוק. דער בוגד איז ממשיך זיין אַרבעט.

**ראָבעספּיער:**

ווער?

**וואַדיע:**

דיין פריינט, מאַקסימיליאַן, — קאַמיל, דער ליבער קאַמיל.

**ראָבעספּיער:**

ער האָט שוין ווידער געשריבן?

**ביליאָ:**

מ'האָט גאָר - וואָס קאָנפיסקירט דידאָזיקע קאַרעקטור - בויגנס. נאָ, לייען.

**וואַדיע**

רײַבט זיך די הענט:

דער זיבעטער נומער פון „וויע קאָרדעליע." דער המשך פון קרעדאַ פון גוטן אַפּאָסטאָל.

**ראָבעספּיער:**

דער מטורף! ער וועט נישט שווייגן, זעט אויס?

**ביליאָ**

קען זיך נישט אָפּרייסן פון זיין פיקסער אידעע:

די גיליאָטינע!

**סען-זשיוּסט**

לייענט צוזאַמען מיט ראָבעספּיערן:

דאָס איז אַ מויד. ער ווערט פאַרצערט פון קרענקלעכן דראַנג גע-שענדעט צו ווערן.

**ראָבעספּיער:**

און דאַנטאָן?

**ביליאָ:**

דאַנטאָן הויבט אָן צו האַנדלען; ער האַלט פּאַטעטישע רעדעס אין פּאַלע-ראָיאַל. ער זידלט וואַדיע, מיך, אַלע פּאַטריאָטן. דעמולען איז מיט אים. זיי זיצן ביי איין טיש מיט וועסטערמאַנען און מיט זונות; זיי באַוואַרפן מיט מאוסע זידלערייען דעם קאָמיטעט. דאָס פאָלק זאַמלט זיך צענויף און לאַכט.

**סען-זשיוּסט**

דו הערסט עס, ראָבעספּיער!

**ראָבעספּיער**

מיט פאַראַכטונג:

קיין סכנה נישט. איידער דאַנטאָן וועט ענדיקן צו טרינקען, וועלן



מיר צייט האָבן זיך צו באַראַטן אין רויקייט. כאַפּט־צו די פּאַפּירן פאַרפאַלן, דער זינלאָזער באַגייט זעלבסטמאָרד!

**וואַדיע:**

אַך! איצטיקס מאָל האָט ער זיך אַליין איבערגעשטיגן.

**ביליאָ:**

זאָל זיין קאָפּ גיין מיטן זעלבן וועג!

**סען-זשיוּסט**

לייענט:

ער דערוועגט זיך צו זאָגן, אַז מיר האָבן פאַרפאָלגט קיוּסטינען לויטן באַפעל פון פּיטס, און נישט צוליב דעם, ווייל קיוּסטין האָט פאַרראַטן, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט פאַרראַטן צו ווינציק.

**וואַדיע**

לייענט:

„דער קאָמיטעט וועט דערפירן די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג צו דער שענדלעכער לאַגע פון אַ פאַרלאַמענט, וואָס זיינע ווידערשפּעניקע מיטגלידער ווערן פאַרשפּאַרט אין באַסטיליע."

**ראָבעספּיער**

קאָנטראָלירט דאָס געלייענטע:

דאָ שטייט „וואָלט דערפירט", און נישט „וועט דערפירן".

**וואַדיע:**

דאָס איז איינס און דאָסזעלבע.

**ביליאָ**

לייענט:

„וואָס שטערט דען דעם קאָמיטעט צו פאַרניכטן די רעפּובליק, אויף די דעפּוטאַטן, וועלכע ער קען נישט קויפן, שיקט ער אין לוקסעמבורג?"

**ראָבעספּיער**

קאָנטראָלירט;

דאָ שטייט: „קען ער שיקן", און נישט; „שיקט ער".

**ביליאָ**

צומבעדולדיק:

גריבל זיך נישט כסדר!

סען=זשיווסט
לייענט:

ער האָט די חוצפה צו פאַרזיכערן, אַז „די קריגס=אַמטן שטעלן
אַוועק אין דער שפּיץ פון די אַרמייען די ברידער פון די אַקטריסעס,
מיט וועלכע זיי שלאָפן.“

וואַדיע:
רעמאָראַליזירן די פאַרטיידיקונג, דערנידעריקן די נאַציע אין די
אויגן פון אויסלאַנד, — קיין זאך האלט אים נישט אָפּ, ווען זיין
פלוידערדיקער און שטאַמלענדיקער צונג גיט אים אַ ברע.

ביליאָ:
און אַלץ איז איינגעהילט אין אַ רוף צו באַרמהאַרציקייט, מיט
פראַזן וועגן דער מענטשהייט!...

וואַדיע:
געצוקערטע טרערן, סענטענצן פון אַ צוקערלעך=הענדלער.

סען=זשיווסט:
די פּלאָג פון מצרים קען זיך נישט גלייכן מיט עמפּינדלעכע מענער.
קיין איין טיראַן קאָסט נישט דער מענטשהייט מער אבלות. אויך
זיי, די פאַררעטער פון דער זשיראָנד, וועלכע האָבן געטראָגן דורך
גאַנץ פראַנקרייך די שטורקאַרצן פון מרידה, האָבן זיך געהאַלטן פאַר
עמפּינדלעכע מענטשן.

ראָבעספּיער:
דעמולען איז שוואַך, קינדיש, אָבער נישט קיין פאַרשווערער. ער
איז געווען מיין יוגנט=פריינט; איך קען אים.

ביליאָ
מיט חשד:
זענען דען דאָ פּריווילעגיעס פאַר ראָבעספּיערס פריינט?

וואַדיע
שפּאָטיש, ער לייענט דעם נומער פון „וויע קאָרדעליע“:
הער ווייטער, מאַקסימיליאַן: דאָס איז פאַר דיר. עס קומט אויס,
אַז אויב דו פאַרמאַכסט די שאַנד=הייזער, אויב דו גיסט אַ שיינעם
מוסטער פון אייפער ביים רייניקן די זיטן און ביים פאַריאָגן די
זונות, טוסטו דאָס לויט די אָנווייזונגען פון פּיטט; ווייל „דו נעמסט



צו ביי דער רעגירונג איינע פון אירע גרעסטע שטיצעס: די צניעות
לאַזנקייט פון די זיטן.“ הערסטו, דו אומבאַפלעקטער? דאָס דאַרף
דיר פאַרשאַפן פרייד?

סען=זשיווסט;
ס'אַראַ נידעריקע, צביעותדיקע נשמה!

ביליאָ
שטורמיש:
די גיליאָטינע! ער פאַלט מיטן קאָפּ אויפן טיש, ווי אַ באַטויבטער אָקס.

ראָבעספּיער:
ער האָט געחלשט?

וואַדיע
גלייכגילטיק:
אַן אָנפאַל פון שלאַפקייט.

סען=זשיווסט עפנט דאָס פענסטער. ביליאָ קומט צו זיך.

סען=זשיווסט:
ביסט קראַנק, ביליאָ?

ביליאָ
מיט אַ הייזעריקער שטים:
ווער ביסטו?... אויסוואורפן! — כ'קען שוין מער נישט. שוין צען
נעכט ווי כ'האָב מיט קיין אויג נישט צוגעטאָן.

וואַדיע:
ער פאַרברענגט זיינע נעכט אין קאָמיטעט און דעם טאָג אין דער
נאַציאָנאַל=פאַרזאַמלונג.

ראָבעספּיער:
דו אַרבעטסט צו פיל. ווילסטו, אַז עמיצער זאָל דיך אַ פּאָר טעג
פאַרבייטן?

ביליאָ:
מיין אַרבעט לאָזט זיך נישט אָפּטאָן אַזוי לייכט. קומען אין פאַר=
בינדונג מיט די דעפּאַרטאַמענטס, האַלטן אין האַנט אַלע פעדים פון
גאַנץ פראַנקרייך,—קיין אַנדערער קען דאָס נישט אַחוץ מיר, אויב

כ׳וועל איבעררייסן די ארבעט, וועס זיך דאָס גאַנצע געוועב פאַרפלאָנטערן. ניין; איך מוז בלייבן, ביז איך וועל קרעפירן.

**סען-זשיוסט:**

מיר וועלן אַלע שטאַרבן ביי דער אויפגאַבע.

**ביליאָ:**

אָ, נאַטור! נישט פאַר דידאָזיקע שטורעמס האָסטו מיך באַשאַפן מיין נשמה איז איינגערונצלט דורכן אָטעם פון די מערדערישע מדבר-ווינטן. אָ, דו צו עמפינדלעך האַרץ, ביסט געשאַפן געוואָרן פאַר דער איינזאַמקייט, פאר דער פריינטשאַפט, פאַר די רירנדיקע עמפינדונגען פון אַ צאַרטן פאַמיליע-לעבן!

**וואַדיע**

אירָאָניש;

לאָמיר נישט ווערן צו פיל גערירט, ביליאָ.

**ביליאָ**

הויבט ווידער אָן מיט א העפטיקן טאָן:

לאָמיר רייניקן די לופט! דעמולען אויף דער גיליאָטינע!

**ראָבעספיער:**

איך דארף געבן דעם ביישפיל. כ׳לאָז אייך איבער דעמולענען.

**וואַדיע**

מיט שפּאָט, אינדערשטיל:

ברוטוס, גרויסע נשמה, טוגנטהאַפטער מענטש, כ׳האָב גאַנץ גוט געוווסט, אַז דו וועסט זיך נישט קווינקלען פטור צו ווערן פון אַ פריינט.

**ראָבעספיער:**

דעמולענס גורל איז פאַרבונדן מיטן גורל פון אַ צווייטן מענטשן.

**ביליאָ:**

האָסט מורא ארויסצורייִדן דאַנטאָנס נאָמען?

**ראָבעספיער:**

כ׳האָב מורא צו צעברעכן אַ טאַליסמאַן פון דער רעפובליק.

**וואַדיע:**

איר גליקס-קינד.



**ראָבעספיער:**

דאַנטאָן איז מיר אַ שונא; אויב אָבער מיינע פריינטשאַפטן קומען נישט אין חשבון ביי אונזערע פאַרהאַנדלונגען, דאַרפן אויך מיינע פיינטשאַפטן נישט באַאיינפלוסן מיינע אורטיילן. איידער מיר פאַרוויקלען זיך אין קאַמף, לאָמיר קאַלטבלוטיק באַטראַכטן די געפאַרן, מיט וועלכע עס איז פאַרבונדן דאָס אַרונטעררייסן דידאָזיקע פעסטונג פון דער רעוואָלוציע.

**ביליאָ:**

אַ פעסטונג — צום קויפן!

**וואַדיע:**

די שטראַשידלע פון דער רעוואָלוציע! ביי עפנטלעכע געפאַרן, טראָגט מען אַרויס דאָס שוידערלעכע געטשנבילד, כדי צו פאַריאָגן דעם שונא; אָבער צום מיינסטן שרעקט עס די, וועלכע טראָגן עס. זיין עקלהאַפט געזיכט שרעקט די פרייהייט.

**ראָבעספיער:**

מען קען נישט לייקענען, אַז אייראָפּע קען זיינע שטריכן און האָט מורא פאַר זיי.

**וואַדיע**

שפּאָטיש:

ס׳איז אמת, אַלס גוטער סאַן-קיולאָט, ווייזט ער גערן דער וועלט דאָס

„וואָס צעזאַר האָט אָן בושה פאַרגונען ניקאָמעדן אין זיין
שיינער יוגנט,
דאַס, וואָס דער העלד פון גריכנלאַנד
האָט אין פאַרגאַנגנער צייט באַוווּנדערט אין זיין עפעסטיאָן,
און אַדריאַן האָט אַריינגעפירט אין פאַנטעאָן...״

**סען-זשיוסט**

העפטיק:

הער אויף מיט דיין שמוציקער איראָניע: באַקעמפסטו דען די פאַרדאָרבנקייט און נאָמען פון דער פאַרדאָרבנקייט?

### וואַדיע:

וועסט מיך דאָך נישט צווינגען כ'זאָל דיר ציטירן רוססאָ?

### ראָבעספּיער

מאכט אַנשטרענגונגען צו זיין אומפּאַרטייאיש, אָבער עס פילט זיך נישט אין דעם קיין איבערצייגונג:

איך מיין, אַז מ'דאַרף זיך אַביסל רעכענען מיט דאַנטאָנס אַמאָליקע פאַרדינסטן.

### סען-זשיוסט:

וואָס מער אַ מענטש האָט געטאָן גוטס, אַלץ מער איז ער פאַרפליכטעט עס צו טאָן. ווײ צו דעם, ווער ס'האָט פאַרטיידיקט די זאַך פון פאָלק און דערנאָך פאַרלאָזט ער זי! ער איז אַ גרעסערער פאַרברעכער פאַר דעם, ווער ס'האָט זי תמיד באַקעמפט; ווייל ער האָט דערקענט דאָס גוטע און האָט עס פרייוויליק פאַרראַטן.

### ראָבעספּיער:

העבערס טויט האָט אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג. פּאָליציי-באַריכטן, וועלכע כ'באַקום, שטעלן פעסט, אַז אונזערע פיינט נוצן אויס די צעמישונג פון פלוצלונג אויסגעניכטערטן פאָלק, כדי צו צעשטערן זיין צוטרוי צו זיינע אמתע פריינט. אַלץ געפינט זיך היינט אונטערן חשד, אַפילו דער זכרון פון מאַראַט. מיר דאַרפן האַנדלען פאָרזיכטיק און זיך היטן נישט צו פאַרגרעסערן די חשדים דורך אונזערע אינערלעכע שטרייטן.

### סען-זשיוסט

לאָמיר אַ סוף מאַכן צ די חשדים דורכן טויט פון די חשודע.

### וואַדיע

אין אַ זייט, באַטראַכטנדיק ראָבעספּיערן, ווי אים אָפּשאַצנדיק:

סאַ אויסחורף! ווי ער האָט עס מורא אָנצורירן זיינע ליבע אַריסטאָקראַטן! קראָמוועל זיכערט זיך אַ מערהייט. באַ! ווען דאָס וועט ווייטער אַזוי גיין, וועל איך אים לאָזן גיליאָטינירן הונדערט זשאַבעס פון זיין זומפּ.

### ראָבעספּיער:

אַ קאָפּ ווי דידראָזיקע וועז זי פאַלט אַרונטער, מוז זי דערשיטערן די מלוכה.



### בילִיאָ

חשדיש און העפטיק

האָסט מורא, ראָבעספּיער?

### וואַדיע

כיטרע אויפהעצנדיק בילִיאָן:

פרעג אים נאָר, בילִיאָ, צי ער באַנוצט דאַנטאָנען ווי אַן אָנגעשטאָפּטן מאַטראַץ, כדי הינטער אים זיך צו שיצן פון קוילן?

### בילִיאָ

ברוטאַל:

רייד אויפריכטיק: דו האָסט מורא, אַז דאַנטאָנס אונטערגאַנג זאָל דיך נישט אָפּדעקן, דו קלאַמערסט זיך אין אים, ווי אין אַ פאַנצער, וואָס באַשיצט דיך. דאַנטאָן ווענדט אָפּ פון דיר די אויפמערקזאַמקייט און די פייַלן.

### ראָבעספּיער:

כ'פאַראַכט דידאָזיקע נידערטרעכטיקע בלבולים. וואָס גייען מיר אָן סכנות? כ'קלאַמער זיך נישט אין מיין לעבן. איך באַזיץ אָבער די דערפאַרונג פון עבר און כ'זע פאָרויס די צוקונפט. איר זענט מטורפים; אייער שנאה מאַכט אייך ווילד. איר טראַכט נאָר וועגן זיך, איר טראַכט לחלוטין נישט וועגן דער רעפּובליק.

### סען-זשיוסט:

טאָ לאָמיר באַטראַכטן אָן ליידנשאַפט וואס די רעפּובליק האָט צו דערוואַרטן פון די פאַרשווערער. און לאָמיר זיך נישט פרעגן צי דאַנטאָן באַזיצט פעיקייטן, נאָר צי דידאָזיקע פעיקייטן דינען דער רעפּובליק. — פון וואַנעט נעמען זיך, זייט דריי חדשים, אַלע אָנגריפן קעגן דער רעוואָלוציע? פון דאַנטאָן. ווער האָט אינספּירירט פיליפּפּאָס בריוו קעגן קאָמיטעט? דאַנטאָן. ווער גיט איין דעמולענען זיינע גיפטיקע פאַמפלעטן? דאַנטאָן. יעדער נומער פון „וויעקאָרדעליע" ווערט אים צוגעשטעלט, ווערט באַהאַנדלט צוזאַמען מיט אים, ווערט קאָריגירט מיט זיין האַנט. אויב דער טייך איז פאַרגיפטעט, לאָמיר אָנגרייפן דאָס שלעכטס ביי זיין מקור. ווו איז דאַנטאָנס אויפריכטיקייט? ווו זיין מוטיקייט? זייט אַ יאָר, וואָס האָט ער געטאָן פאַר דער רעפּובליק?

ראָבעספיער

מאַכט אַן אָנשטעל ווי ער וואָלט זיך לאָזן ביסלעכווייז איבערצייגן און מיט־שלעפּן דורך די אַנדערע, מיט אַ געמיש פון צביעות און אויפריכטיקייט:

ס'איז אמת, ער האָט קיינמאָל ניט געוועדט פאַר דעם אָנגעגריי־פענעם באַרג*).

סען־זשיוסט:

ניין, אָבער דערפאַר פאַר דיומוריע, פאַר די גענעראַלער, זיינע מיטפאַררעטער. די יאַקאָבינער האָבן אים באַשולדיקט; האָסטו אים פאַר־טיידיקט, ראָבעספיער. ווען מ'האָט דיך באַשולדיקט, האָט ער געוועדט אַ וואָרט פאַר דיר?

ראָבעספיער:

ניין; אָבער זעענדיק מיך איינעם אַליין, אומבאַשיצט פאַר די בלבולים פון דער זשיראָנד, האָט ער געזאָגט צו זיינע פריינט „היות ער וויל אומקומען, זאָל ער אומקומען! עס פאַלט אונז גאָרנישט איין צו טיילן זיין גורל!" — אָבער עס האַנדלט זיך נישט וועגן מיך.

ביליאָ:

דו אַליין, ראָבעספיער, האָסט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַלץ געטאָן כדי צו ראַטעווען די זשיראנדיסטן און צו פאַרטיליקן האַנ־ריאָ, וועלכער האָט אַרעסטירט די בוגדים.

ראָבעספיער:

דאָס איז אמת.

סען־זשיוסט:

דו אַליין, ראָבעספיער, האָסט מיר געזאָגט, אַז ער האָט דיר ציניש מודה געווען וועגן זיינע און זיין סעקרעטאַר פאַבּרס שווינד־לערייען, בעת זיין קורצער קאַריערע אין יוסטיץ־מיניסטעריום.

ראָבעספיער:

איך בין מודה.

---

*) אזוי האָט מען גערופן די גרופּע פון קאָנווענט, וועלכע האָט פאַרנו־מען די העכסטע בענק און איז באַשטאַנען פון די אָנטשידנסטע אָנהענגער פון ט ראָר (דער איב.)



סען־זשיוסט:

ער איז געווען לאַפאַיעטס פריינט. מיראַבאָ האָט אים אונטערגע־קויפט. ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דיומוריע און וויפ־פען. ער האָט געהנפעט די אָרלעאַנס. אַלע שונאים פון דער רע־וואָלוציע זענען געשטאַנען אין ענגע באַציונגען מיט אים...

ראָבעספיער:

מ'דאַרף נישט איבערטרייבן.

סען־זשיוסט:

דאָס האָסטו מיר דאָך געזאָגט. איך וואָלט גאָרנישט געוווסט פון די דאָזיקע אַלע פאַקטן, ווען דו וואָלסט מיר נישט דערציילט וועגן זיי.

ראָבעספיער:

אָן ספק... אָבער...

ביליאָ:

העפטיק:

דו לייקנסט עס?

ראָבעספיער:

כ'קען עס נישט לייקענען. דאַנטאָן פלעגט פינקטלעך באַזוכן די דאָזיקע ראַיאַליסטישע אָווגטן, ווו אָרלעאַנס גופא פלעגט מאַכן דעם פונש. פאַבר און ווימפפען פלעגן דאָרט אויך בייזיין. מ'האָט פּרובירט אַריינצוציען אין דאָזיקן קרייז די דעפּוטאַטן פון באַרג, כדי זיי צו פאַרפ־רן, אַדער צו קאָמפּראָמיטירן. — אָבער דאָס זענען שוין נאַרישקייטן.

ביליאָ:

אדרבה, אַ הויפּט־פאַקט! אַן אָפענע פאַרשווערונג!

ראָבעספיער:

מיר קומט אין זכרון אַ קליינער דעטאַל, כאָטש פון גאַנץ קליינער וויכטיקייט. דאָ לעצטנס זאָל ער זיך האָבן באַרימט, אַז אויב מ'וועט אים באַשולדיקן, וועט ער אונז וואַרפן צווישן די פיס דעם דאָפען*).

---

*) דער צונאָמען פון די פראַנצויזישע קראָנפּרינצן. (דער איב.)

ב י ל י אָ:

סאַ אויסוואורף! אָט וואָס ער האָט געזאָגט! און דו קענסט אים נאָך פאַרטיידיקן!...

ר אָ ב ע ס פּ י ע ר:

וועסטערמאַן איז נאָר - וואָס אַוועק פון דאַנען. ער האָט מיר געדראָט מיט דאַנטאָנען און מיט אַן אויפשטאַנד.

ב י ל י אָ:

און מיר זענען זיך נאָך מתוכח! און די טיגערס זענען נאָך נישט אַרעסטירט!

ר אָ ב ע ס פּ י ע ר.

איר ווילט עס?

ס ע ן = ז ש י ו ס ט:

דאָס פאָטערלאַנד וויל עס.

וו אַ ד י ע

אין א זייט, מיט שפּאָט;

שווינדלער! ער חלשט נאָך דעם! עס פּאַסט אים צו דער ראָל, מ׳זאָל זיך בעטן ביי אים.

ר אָ ב ע ס פּ י ע ר:

ער איז געווען גרויס. — ער האָט, לכל הפחות, געהאַט די שיין פון גרויסקייט, מאָמענטנווייז כמעט פון טוגנט.

ס ע ן = ז ש י ו ס ט:

קיין זאַך איז נישט אַזוי ענלעך צו טוגנט, ווי אַ גרויס פאַרברעכן.

ב י ל י אָ

סאַרקאַסטיש:

זיין הספד, מאַקסימיליאַן, וועסטו האַלטן שפּעטער. איצט לאָמיר פריער די חיה באַגראָבן.

ס ע ן = ז ש י ו ס ט:

וואַדיע, פאַרגעס נישט אין רעספּעקט פאַרן טויט.

וו אַ ד י ע:

דאָס נפשל לעבט נאָך.



ס ע ן = ז ש י ו ס ט:

דאַנטאָן איז אויסגעשטראָכן פון לעבן.

ב י ל י אָ

ווער וועט צעגויפשטעלן דעם באַשולדיקונגס - אַקט?

וו אַ ד י ע:

סען - זשיוסט. דער יונגערמאַן פּאַסט זיך דערצו אויסגעצייכנט. יעדער זאַץ זיינער איז ווי אַ קלאַפּ פון דער גיליאָטינע.

ס ע ן = ז ש י ו ס ט:

עס איז מיר אַ פאַרגעניגן זיך צו פאַרמעסטן מיטן מאָנסטר.

ר אָ ב ע ס פּ י ע ר

זוכט אויס פּאַפּירן, וועלכע ער גיט איבער סען = זשיוסטן:

דאָ זענען די פאַרטיקע אַקטן.

וו אַ ד י ע

אין דער זייט:

ער האָט ליגן עפּעס ענלעכס פאַר יעדן פון זיינע פריינט.

ר אָ ב ע ס פּ י ע ר:

לאָמיר דאַנטאָנען נישט אָנטאָן דעם כבוד פון אַ פּראָצעס פאַר אים אליין: דאָס וואָלט הייסן צוציען אויף אים צו פיל די אויגן פון דער נאַציע.

ב י ל י אָ:

לאָמיר אים דערטרינקען אין אַ קאָלעקטיווער באַשולדיקונג.

וו אַ ד י ע:

און וועמען וועלן מיר צוגעבן, כדי צו באַטעמען דעם מעניו?

ס ע ן = ז ש י ו ס ט:

די אַלע, וועלכע האָבן געוואָלט קאָרומפּירן די פרייהייט דורך געלט, דורך זייערע זיטן, אָדער דורך גייסט.

וו אַ ד י ע:

לאָמיר עס זאָגן פּרעציזער. דידאָזיקע אומקלאָרקייט באַאומרויקט.

ר אָ ב ע ס פּ י ע ר:

דאַנטאָן האָט ליב געהאַט געלט. טאָ זאָל ער באַגראָבן ווערן צוזאַ-

מען מיטן גאָלד! לאָמיר אים פאַרמישן אין דער באַנק־אַפּערע. זאָל ער פאַרנעמען אַן אָרט צווישן די גנבים פון מלוכה־געלט. ער וועט דאָרט ווידער געפינען זיין סעקרעטאַר, זיין פריינט פאַבר ד'עגלאַנטין.

**וואַדיע:**

פאַבר, שאַבאָ, דאָס הויכע יידנטום, די עסטרייכישע באַנקירן, די פרעיס, דידריכסען, — אויסגעצייכנט; דאָס הייבט אָן אַנצונעמען די ריכטיקע פאָרמען.

**ביליאָ:**

ס'וואָלט נישט געשאַדט צוצוגעבן צו די באַשולדיקטע אויך העראָן, דעם עמיגראַנטן־פריינט.

**סען־זשיוסט:**

קודם כל, פיליפּאָן, דעם דעזאָרגאַניזאַטאָר פון דער אַרמיי, דעם צעשטערער פון דער דיסציפּלין.

**ראָבעספּיער:**

העבערטמאַנען, די בלוטיקע שווערד, וואָס איז תמיד גרייט צו מרידה. — שוין אַלע?

**וואַדיע:**

דעם טייערן קאַמיל פאַרגעסטו!

**ראָבעספּיער:**

ווילט איר נישט ליבער בורדאָנען, אָדער לעזשאַנדערן, וועלכע זענען די וואָרט־פירער פון דער פאַרשווערער־גרופּע אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג?

**וואַדיע:**

ניין, קאַמילן.

**ביליאָ:**

קאַמילן.

**סען־זשיוסט:**

גערעכטיקייט.

**ראָבעספּיער:**

נעמט אים.



**סען־זשיוסט:**

אַדיע. כ'וויל צוגרייטן דעם באַריכט. מאָרגן, אין קאָנווענט, וועל איך זיי צעשמעטערן.

**וואַדיע:**

כאַפּ נישט, כאַפּ נישט, יונגערמאַן; די אומפּאָרזיכטיקייט פון דיין עלטער שטופּט דיך אַביסל צו ווייט. וואָס! דו ווילסט דאַנטאָנען אַרויסרופן אויף דער טריבונע?

**סען־זשיוסט:**

דאַנטאָן שפּעקולירט אויף דער איינבילדונג, אַז קיינער וועט זיך נישט דערוועגן אים אָנצוגרייפן פּנים אל פּנים. איך וויל אים איבערצייגן אין זיין טעות.

**וואַדיע:**

מוט אַליין איז דאָ נישט גענוג. מיין יונגער פריינט; עס זענען אויך נויטיק לונגען, וועלכע זאָלן זיין בכח צו דערשטיקן די גע־ברילעריי פון אַ אָקס.

**סען־זשיוסט:**

דער אמת געוועלטיקט איבער שטורעמס.

**ראָבעספּיער:**

מיר טאָרן נישט אויסליפערן דעם גורל פון דער רעפּובליק די צו־פאַלן פון אַ צוויי־קאַמף.

**סען־זשיוסט:**

טאָ וואָס־זשע ווילט איר?

ראָבעספּיער ענטפערט נישט

**ביליאָ:**

דאַנטאָן מוז היינטיקע נאַכט אַרעסטירט ווערן.

**סען־זשיוסט**
העפטיק:

קיינמאָל נישט!

**וואַדיע:**

ווער עס וויל דעם ציל, וויל די מיטלען.

**סען=זשיוסט:**

איך טויש נישט קיין אנטוואָגנטן פיינט. שטעלט מיך פנים אל פנים מיט דאַנטאָנען; אַזעלכע קאַמפן פאַראיידעלן די רעפובליק; אָבער אייער פאָרשלאַג שענדעט זי: איך שליידער אים אָפּ מיטן פוס.

**בילי אָ:**

קיין שום צערעמאָניעס מיט די פיינט פון פאָלק!

**וואַדיע:**

אין פּאָליטיק איז אומנויטיקע בראַוור אַ נאַרישקייט, אַמאָל אויך אַ בגידה.

**סען=זשיוסט:**

איך וויל גאָר נישט הערן וועגן דעם.

ער ווארפט העפטיק זיין היטל אין דער ערד.

**בילי אָ**

שטרענג:

זאָל דאָס הייסן, אַז דו האָסט ליב דעם קאַמף פאַר דער רעפובליק, אָבער נישט די רעפובליק?

**סען=זשיסט:**

אַזעלכע שריט נויטיקן זיך אין סכנה, כדי געהייליקט צו ווערן. אַ רעוואָלוציע איז אַ העראָישע אונטערנעמונג, וואָס אירע שעפער מאַרשירן צווישן ראָד און דער אומשטערבלעכקייט. מיר וואָלטן זיין פאַרברעכער, ווען מיר זאָלן נישט זיין תמיד גרייט מקריב צו זיין אונזער אייגן לעבן, ווי דאָס לעבן פון אַנדערע.

**וואַדיע:**

זיי רויק, דו שטעלסט נאָך געגוג איין. דער געפאַנגענער דאַנטאָן קען נאָך אויך אויפהויבן דאָס פאָלק; און זיי זיכער, אויב ער וועט אַרויס אַלס זיגער, וועט ער דיך איינזעצן אונטערן שלאָס.

**סען=זשיוסט:**

איך פאַראַכט דאָס שטויב, פון וועלכן כ'בין געמאַכט. מיין האַרץ איז דאָס איינציקע גוטס, וואָס געהערט מיר; איך גיי דורך דער פאַרבלוטיקטער וועלט, נישט באַשמוצנדיק זיין ריינקייט.



**בילי אָ**

מיט אַ האַרטער אין פאַראַכטנדיקער שטרענגקייט:

זעלבסטאַכטונג איז עגאָיזם. צי סען-זשיוסטס האַרץ וועט זיין באַשמוצט, אָדער נישט, דאָס גייט אונז נישט אָן: לאָמיר מציל זיין די רעפובליק.

**סען=זשיוסט**

פרעגנדיק מיט די אויגן ביי ראָבעספיער:

ראָבעספיער!

**ראָבעספיער:**

מיין פריינט, באַרויק דיין נשמה. די שטורעמס פון אַ רעוואָלוציע זענען נישט אונטערגעוואָרפן די געוויינלעכע געזעצן; נישט מיט דער אַלטעגלעכער מאָראַל משפט מען די קראַפט, וועלכע פאַרענדערט די וועלט און שאַפט איבער די מאָראַל אויף גאַנץ נייע פונדאַמענטן. אמת, מ'דאַרף זיין גערעכט; אָבער דער מאַסשטאַב פון גערעכטיקייט איז דאָ נישט דער אינדיווידועלער געוויסן, נאָר דער געזעלשאַפטלעכער געוויסן. אין פאָלק איז אונזער ליכט; זיין ווילן איז אונזער געזעץ.—מיר דאַרפן זיך שטעלן נאָר איין פראַגע: צי דאָס פאָלק וויל דאַנטאָנס אונטערגאַנג. איז די דאָזיקע פראַגע פאַרענטפערט, איז אַלץ פאַרענטפערט; די שלאַכט דאַרף אַזוי געפירט ווערן, אַז מיר זאָלן אַרויס אַלס זיגער. די גערעכטיקייט באַשטייט אין דעם, אַז דאָס וואָס איז גערעכט זאָל טריאומפירן. מיר קענען נישט וואַרטן. דאַנטאָן מוז באַקומען דעם קלאַפּ תיכף ומיד. פון גרויסמוטיקייט אים איבערלאָזן כלי-זין, וואָלט הייסן אויסשטעלן די ברוסט פאַרן קינזשאַל פון אַ מערדער; דער מיליטערישער און פינאַנסיעלער דעספּאָטיזם וואָלטן דאַן אַריינגענומען אין זייערע הענט די לייטשעס פון דער רעפובליק; אַ יאָהונדערט פון בירגער-מלחמות וואָלט פאַרוויסט אונזער פאָטערלאַנד; און די קללות פון פאָלק וואָלטן זיך באַהעפט אָן אונזער אָנדענקען, וואָס דאַרף זיין טייער דעם מענטשלעכן מין.

**בילי אָ:**

זיגן פאַר יעדן פּרייז! זאָל אַלץ שטראַלן פון שרעקלעכן גלאַנץ פון אונזער דיקטאַטור!

**וואַדיע:**

עס האַנדלט זיך נישט וועגן דעם, צי איין מענטש וועט געמשפּט ווערן אין הסכם מיטן געזעץ, נאָר צי אייראָפּע וועט זיין יאַקאָבינישי

**סען־זשיוסט**

האַלט מיט זיינע ביידע הענט די ברוסט, ווי דאַווידס ראָבעספּיער אויפן שבועה־בילד פון הויז פאַר פּילקע־שפּיל:

אָ רעפּובליק, טאָ נעם־זשע מיין ערע, אויב דו ווילסט עס, נעם מיך, טרינק מיך אויס, שלינג מיך איין מיט הויט און נעגל!

**בּיליאָ**

ציטע־גדיק, שטאַמלענדיק;

ס׳קען זיין, אַז אין דאָזיקן מאָמענט איז שוין די רעפּובליק דער־שטיקט, אונזערע אידעען — טויט געבאָרן, דער פאַרשטאַנד שטאַרבט אָפּ אויף יאָרהונדערטן לאנג... לאָמיר אַיילן!

**ראָבּעספּיער:**

לאָזט אַרעסטירן דאַנטאָנען. ער חתמעט.

בּיליאָ חתמעט פּיבערהאַפט.

**סען־זשיוסט:**

פאַר דיר, פרייהייט! חתמעט.

**בּיליאָ:**

וועט דער קאָנווענט נישט קאַליע מאַכן דאָס שפּיל?

**ראָבּעספּיער**

מיט פאַראַכטונג;

דער קאָנווענט ווייס תמיד צו מקריב זיין זיינע מיטגלידער לטובת הכלל.

**וואַדיע**

חתמעט;

איך נעם די זאַך אויף זיך.

**ראָבּעספּיער**

זיפצט:

די לאַסט פון דער רעוואַלוציע ווערט אַלץ שווערער אויף אונזערע פּלייצעס.



**וואַדיע**

אין א זייט:

די ווילדע קאַץ מאַכט אָנשטעלן, אָבער זי באַלעקט אירע ליפּן.

**ראָבּעספּיער:**

א טרויעריקע נויטווענדיקייט. מיר פאַרקריפּלען די רעפּובליק, כדי זי מציל צו זיין.

**סען־זשיוסט**

בייז און עקזאַלטירט:

דער פילאָזאָף יעזו האָט געזאָגט צו זיינע תלמידים: „אויב דיין האַנט ברענגט דיר צו זינד, שנייד זי אָפּ; אויב דיין פוס ברענגט דיר צו זינד, שנייד זי אָפּ; אויב דיין אויג ברענגט דיך צו זינד, רייס עס אויס: ס׳איז בעסער דו זאָלסט אַריין אין אייביקן לעבן מיט איין אויג, איידער דו זאָלסט האָבן צוויי אויגן און דו זאָלסט אַריינגעוואָרפן ווערן אין אייביקן פייער.” און איך זאָג: ווען דיין פריינט איז פאַרדאָרבן און ער פאַרדאַרבט די רעפּובליק, רייס אים אויס פון דער רעפּובליק; אויב דיין ברודער איז פאַרדאָרבן און ער פאַרדאַרבט די רעפּובליק, רייס אים אויס פון דער רעפּובליק. און ווען עס פליסט פון דער אָפענער ווונד דאָס בלוט פון דער רעפּובליק, ווען עס פליסט אַפילו דיין אייגן בלוט. לאָז עס פליסן: זאָל די רעפּובליק ריין זיין, אָדער זאָל זי שטאַרבן! די רעפּובליק איז די טוגנט. וו׳ עס איז דאָ שמוץ, איז נישטאָ מער די רעפּובלוק

**וואַדיע**

אין א זייט:

זיי זענען מטורף. כאַטש נעם און בינד זיי. מ׳וועט נישט דאַרפן פאַרזוימען זיי אַריינצווואַרפן אין איינצל־קאַמערס. — ווער עס האָט גאָר אייליק — דער ערשטער! ער וויל אוועקגיין.

**בּיליאָ:**

וואַרט, ביז איך וועל חתמענען.

**וואַדיע:**

דו האָסט שוין געחתמעט.

**בּיליאָ:**

וו?... איך קען זיך נישט דערמאָנען. — וואָס האָב איך געטאָן?

האָב איך געטאָן גוט?... Tristis est anima mea!... האָ! זיך אויסציען אין פעלד, אויף פרישער ערד; איינאָטעמען דעם באַלזאַם-ריח פון וועלדער: אַ טייכל צווישן ווערבעס! אַ ביסל רו! אַ ביסל רו!...

ר אָ ב ע ס פ י ע ר:

די גרינדער פון דער רעפּובליק געפינען רו בלויז אין קבר.

# ד ר י ט ע ר אַ ק ט

## דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל

פ ו ק י ע-ט ע נ ו ו י ל, עפנטלעכער באַשולדיקער. ה ע ר מ אַ ן, פאָרזיצער. דער טריבונאַל, זשאַנדאַרמען, דער המון. — אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק: דאַנטאָן, דעמולען, העראָ, פיליפּפּאָ, וועסטערמאַן, — שאַבאָ, די פּרעיס. שטומע פּערזאָנען; — צווישן זיי פאַבר ד'עגלאַנטין, אין אַ פאָטעל. — אין דער ערשטער רייע פון עולם, דער מאַלער דאַוויד מיט אייניקע פריינט. -- די פענסטער פון זאַל זענען אָפן. מען הערט דעם גערויש פון המון אין דרויסן. פון צייט צו צייט דערשיינט דורך אַ פענסטערל פון אַ טיר, הינטערן פּרעזידענט, די קאָפּ פון וו אַ ד י ע, וועלכער באַוואַכט דעם פּראָצעס.—נאָענט פון טיר שטייט דער גענעראַל ה א נ ר י אָ. הערמאַן און פוקיע-טענוויל וואַרפן ווײַלנווייז אומרויִקע בליקן צו אים.

מען פרעגט אויס שאַבאָ און די פּרעיס, — דאַנטאָן באַוועגט זיך אויפגעבראַכט. דעמולען זעט אויס צו זיין דערדריקט. העראָ קוקט זיך רויִק צו מיט אַ שמייכל. פיליפּפּאָ, מיט צוזאַמענגעדריקטע קינבאקן, מיט שטאַרע אויגן, גרייט זיך צום קעגנאָנגריף. פאַבר, אַ קראַנקער, איז אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן אין זיין פאָטעל. — דער המון שטופּט זיך און קוקט גיריק. ער שטרייכט אונטער יעדע ענדערונג פון פּראָצעס, ווי אַ פּובליקום, וואָס קוקט אַ מעלאָדראַמע: אַמוזירט און גערירט צוגלייך.

ביים אויפהויבן דעם פאָרהאַנג אַ געמורמל פון המון.

## דער פּאָרזיצער

צו די פּרעיס:

איר זענט פּיסטס אַגענטן.

דאס פּאָלק: הא! אויסוואַרפן! בוגדים! פּאַרקויפטע נ־ש־ת!

איר האָט געוואָלט אונטערקויפן דעם קאָנווענט. כד צו בפּיג'נסטיקן
אייערע ספּעקולאציעס און אייערע רויבערייען, האָט איר געפּלאַנט
אָפּצוקויפן די פאַרטרעטער פון פאָלק. איר האָט אָפּגעשאַצט יעדעס
געוויסן.

## דאַנטאָן

הילכיק:

פּאָרזיצער, גיב מיר דאָס וואָרט!

דאָט פּאָלק באַוועגט זיך, פּאַראינטערעסירט, שטופּט זיך כּדי צו זען: דאַנטאָן...
דאַנטאָן... דאַנטאָן האָט גערעדט!...

## דער פּאָרזיצער:

אייער רייע וועט נאָך קומען, דאַנטאָן.

## דאַנטאָן:

וואָס האָב איך דאָ צו טאָן אינמיטן פון דידאָזיקע לייט? וואָסער
שייכות איז צווישן מיר און דידאָזיקע גנבים?

## דער פּאָרזיצער:

מ,וועט עס אייך דערקלערן.

## דאַנטאָן:

די נאַטירלעכע אַדלקייט פון מיין כאַראַקטער דערלויבט מיר נישט
צו צעקוועטשן דידאָזיקע שווינדלער=קאָמפּאַניע. איר ווייסט דאָס
און איר נוצט אויס מיין שווייגן, כּדי אין דער פאָרשטעלונג פון
פאָלק מיך אויסצומישן מיט שמוציקע באַנקירן, ספּעקוליאַנטן, גנבים
פון מלוכה=געלטער. דאָס פּאָלק לאַכט: — האָסטו געהערט? ער איז חילד
פון צאָרן...

## הערא:

רעג זיך נישט אויף, דאַנטאָן.

## דער פּאָרזיצער:

רעספּעקטירט די יוסטיץ; איר וועט זיך גלייך קענען פאַרטיידיקן.



## פוקיע=טענוויל:

האַלט זיך רויק, דאַנטאָן. דו וועסט זיך דאַרפן פאַרטיידיקן, ווי
דיינע מיטאָנגעקלאָגטע, פון דער באַשולדיקונג אין נעמען שוחד.

## דאַנטאָן:

דאַנטאָנס פאַרברעכן לאָזט זיך נישט נעמען אויפן בוקסיר פון דער
דאָזיקער מאוסער כנופיאָ. גיב אים אָפּ, לכל הפּחות, דעם ערשטן
פּלאַץ. דאַנטאָן קען נישט זיין דער צווייטער אין קיין שום זאַך,
נישט אין רשעות, נישט אין טוגנט. דאָס פּאָלק: דאָס איז שוין אייגמאָל
אַ חברה=מאַן!... וועסט גלייך זען...

## פיליפּפּאָ:

שווייג און פאַרליר נישט דעם קאָפּ.

## דער פּאָרזיצער

צו די פּרעיס:

איר זענט פון געבורט יידן, איר שטאַמט פון בעהמען, איר הייסט
טראָפּושקאַ. דערנאָך האָט איר אָנגענומען דעם נאָמען שענפעלד,
אונטער וועלכן איר האָט אין עסטרייך געקויפט אדל=בריוו; פון
דאָרט זענט איר אַריבער קיין פראַנקרייך, און אין איצטיקן מאָ=
מענט רופט איר זיך אָן פרעי. איינע פון אייערע שוועסטערס האָט
זיך געטויפט דאָס פּאָלק לאַכט און יוערט אויסגעהאַלטן פון אַ דייטשן
באַראָן. די אַנדערע האָט חתונה געהאַט מיט שאַבאָ, דעם פריער=
דיקן קאַפּוצינער אַ שטאַרקע געלעכטער צווישן פּאָלק און דעם איצ=
טערדיקן פאָלקס=פאַרטרעטער אין קאָנווענט. איר זענט געקומען
אין פאַרבינדונג מיט עטלעכע אַוואַנטוריסטן פון דערזעלבער צוויי=
פלהאַפטער אָפּשטאַמונג ווי איר: דידריכסען, וועלכער שטאַמט פון
האָלשטיין, אַ באַנק=אָנגעשטעלטער אין ווין; גיוסמאַן, וועלכן
מ'רופט „דער שפּאַניער” און האָט זיך אויסגעגעבן פאַר אַ דייטשן
באַראָן; דער געוועזענער אַבבע ד'עספּאַניאַק, אַן אַרמיי=ליפעראַנט.
די פאַרברעכערישע באַהילפיקייט פון אייניקע אונטערגעקויפטע דע=
פּוטאַטן האָט באַגינסטיקט אייערע ספּעקולאַציע=געשעפטן. שאַבאָ
האָט אייך געדינט אַלס פאַרמיטלער מיט זיינע קאָלעגן. ער האָט
זיך אַליין אָפּגעשאַצט אין 150.000 פונט. אויסרופן צווישן פּאָלק לויט

אייער פאַראָרדנונג האָט ער גענומען אויף זיך אַוועקצוטראָגן 100.000 פונט צו פאַבר ד'עגלאַנטין. *א מיידל אַנווייזנדיק אויף פאַבר:* דאָס איז דער, אָן דאָרט, אין פאָטעל. פאַבר האָט פאַרן דאָזיקן פרייז געפעלשט דעם דעקרעט פון קאָנווענט, וואָס באַציט זיך אויף דער ליקווידאַציע פון דער אינדישער קאָמפּאַניע. דעם אָריגינאַל גיב איך צו באַטראַכטן די מיטגלידער פון טריבונאַל. *דאָס פאָלק: דאַנטאָן פאַרשטאָפּט זיך די נאָז. — ער מאַכט זיך, ווי ס'וואָלט אים עקלען. דאַוויד: ער קרימט זיך פון צאָרן און מורא. — סאַראַ פּיקס ער האָט! — בראַוואָ, דאַנטאָן! דריי פרויען: דו גלויבסט, אַז מ'וועט אים פאַרמשפּטן? — ווען עס וועט קומען זיין ריי? — כ'אייל זיך אַזוי!*

## וואַדיע

*עפנט שטיל דאָס פענסטערל פון טיר, מאַכט אַ צייכן צום גענעראַל האַנריאָ, וואָס שטייט נעבן טיר:*

איז אַלץ אין אָרדנונג, האַנריאָ?

## האַנריאָ

*שטיל:*

ס'וועט גיין ווי געשמירט.

## וואַדיע

*אַנווייזנדיק אויף פוקיע און דעם טריבונאַל:*

מאַכן זיי נישט קאַליע די שפּיל?

## הענריאָ

*ווי פריער:*

האָב קיין מורא נישט. כ'האָב זיי אויפן אויג.

## וואַדיע:

אויסגעצייכנט; חאַקל זיך נישט; און ווען דער אָנקלאָגער וועט וויין, אַרעסטיר אים.

*ער פאַרמאַכט דאָס פענסטערל*

## הערא

*אַנקוקנדיק דאָס פאָלק:*

ווי דאָס פאָלק קוקט אונז אָן!



## דאַנטאָן

*אין גרונט פאַרשעמט, אָבער ער צווינגט זיך צו לאַכן:*

ס'איז נישט געווינט צו זען דידאָזיקע אָקסן-קאָפּ אויף דער שאַנד-באַנק; דאָס איז נישט קיין געוויינלעכער ספּעקטאַקל: דאַנטאָן אַריינגענאַרט אין זאַק דורך דידאָזיקע יאַריד-שאַרלאַטאַנעס. כאַ — כאַ! בנאמנות, אַ געלעכטער! *דאַוויד נעמט אַרויס אַ צייכן-בלאָק פון זיין קעשענע: לאָז מיר, כ'מוז האָבן דעם דאָזיקן פּיסק. ער צייכנט דאַנטאָנען.* — קוק נאָר אָן דאַווידן אָן דאָרט: זיין צונג שטעקט אים אַרויס פון מויל, ער גאַווערט פון שנאה ווי אַ הונט. *דאַוויד: כ'וויל, אַז די קומענדיקע דורות זאָלן זיך בויגן אין דרייען פאַר זיין גאָרילאַ-פּנים.* — טויזנט רוחות! האַלט זיך, דעמולען! גלייך זיך אויס, צום טייוול! די אויגן פון פאָלק זענען געווענדט אונז.

## קאַמיל:

אַך! דאַנטאָן, כ'וועל מער קיינמאָל נישט זען ליוצילן!

## דאַנטאָן:

נאַרישקייטן, נאָך היינט ביינאַכט וועסטו שלאָפן מיט איר.

## קאַמיל:

ראַטעווע מיך, דאַנטאָן, רייס מיך אַרויס פונדאַנען; כ'חיים שוין מער נישט וואָס צו טאָן, כ'וועל זיך נישט קענען פאַרטיידיקן.

## דאַנטאָן:

דו ביסט שוואַכער פאַר אַ מיידל. שטאַרק זיך! טראַכט וועגן דעם, אַז מיר מאַכן געשיכטע.

## קאַמיל:

אַך! אַסך מיט נאָך גייט מיר אָן די געשיכטע!

*א יונגער שרייבער, קניפּט אַ מיידל, נאָך אַ מאָטיוו פון צייט-לידל: „פריילין, טאַנצט זי נישט אַ טענצל?“ די מיידל, גיט אים אַ קלאַפּ: — הע, ווייס איך וואָס, לאָז, די תנועות דער שרייבער איז ממשיך דאָס לידל: „און זי גיט מיר איר האַנט...“*

## דאַנטאָן:

אויב דו ווילסט זיך אומקערן צו ליוצילן, טאָ האָב נישט קיין

אויסזען פון אַ פאַרברעכער, וואָס איז דערדריקט פון געזעץ! וואָס באַטראַכסטו אַזוי?

### קאַמיל:

זע, דאַנטאָן, — דאָרט...

### דאַנטאָן:

וואָס איז? וואָס ווייזטו מיר?

### קאַמיל:

נאָנט פון פענסטער, דערדאָזיקער יונגערמאַן...

### דאַנטאָן:

דערדאָזיקער אומפאַרשעמטער בחורל מיטן לאָק, וואָס פאַרשאָטנס אים די אויגן, דערדאָזיקער געריכט-שרייבער, וואָס קניפּט אַ פרוי אין דער טאַליע?

### קאַמיל:

ס'איז גאָרנישט, כ'האָב געהאַט אַ האַלוצינאַציע, כ'האָב געזען...
כ'האָב זיך געזען...

### דאַנטאָן:

זיך?

### קאַמיל:

כ'האָב זיך פּלוצלונג דערזען אויף זיין אָרט, אָנוועזנדיק אויפן פּראָצעס פון די זשיראָנדיסטן, מיינע קרבנות, — אָ, דאַנטאָן!
אין משך פון דערדאָזיקער צייט איז דער פלומרשט דורך פאַבר געפּעלשטער דאָקומענט ארומגעגאַנגען איבער די מיטגלידער פון טריבונאַל

### דער פּאָרזיצער:

פאַבר, בלייבט איר ביים לייקענען? דאָס פאָלק, וואָס שמועסט אין משך פון אַלע הפסקות אין פּראָצעס, ווערט גלייך שטיל און שטילט אין די, וואָס ריידן

### פאַבר ד'עגלאַנטין

זייער רויק, מיד, איראָניש:

ס'איז אַן איבעריקע זאַך, כ'זאָל מיך ווידער נעמען ריינוואַשן. איר הערט מיך סיי ווי נישט, אייער אורטייל איז שוין אַרויסגעטראָגן. כ'האָב נאָר-וואָס אויפגעוויזן, אַז אין געווינסהאַפטן פּראָיעקט פון דעקרעט, וועלכן כ'האָב פאַרפאַסט, האָבן בוגדים אַריינגעבראַכט



הוספית און שינויים, וועלכע בייטן אינגאַנצן זיין כאַראַקטער. דאָס איז קלאָר פאַר יעדן, וועלכער וויל באַטראַכטן די דאָקומענטן אין גייסט פון גערעכטיקייט. אָבער דאָ איז דאָס נישט דער פאַל; איך וויים, כ'בין פאַראורטיילט אויף פאָרויס. כ'האָב געהאַט דאָס אומגליק נישט נושא-חן זיין ביי ראָבעספּיערן, און אייך איז צום האַרצן צו לייגן אַ פּלאַסטער אויף זיין פאַרוווּנדעטער אייגנליבע. מיין לעבן איז פאַרלאָרן. נו, מילא! עס איז צו פיל אָפּגענוצט, און עס פאַרשאַפט מיר צופיל ליידן, אַז כ'זאָל מאַכן צוליב אים אַן אָנשטרענגונג, וואָס פאַרמאַטערט מיך.

### פּוקיע:

דו ביסט מבזה די גערעכטיקייט, און דו מאַכסט אַ בלבול אויף ראָבעספּיערן. נישט ראָבעספּיער באַשולדיקט דיך אין נעמען שוחד, נאָר קאַמבאָן. נישט ראָבעספּיער באַשולדיקט דיך אין מאַכן אַ פאַרשווערונג, נאָר ביליאָ-וואַרען. דיין אינטריגאַנטן-גייסט איז באַקאַנט. ער נוצט דיר אויף צו מאַכן ליידאַקישע פאַרשווערונגען און שלעכטע פּיעסן.

### פאַבר;

דאָ בלייב שטיין! Ne sutor ultra crepidam... מיינע הערן פון פאַרטעי, אייך נעם איך אַלס מיינע עדות: האָבן אייך מיינע פּיעסן נישט גוט געוויילט?... דאָס פאָלק לאַכט פּוקיע קען אַראָפּרייסן מיין קאָפּ, אָבער נישט מיין „פילינט”. דאָס פאָלק לאַכט. אַ מאַן אין הינטערגרונט: „וואָס? וואָס האָט ער געזאָגט?”

### פּוקיע:

אַ קרענקלעכע נייגעריקייט האָט דיר געלאָזט באַטראַכטן די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג ווי אַ מין טעאַטער, וווּ דו האָסט געזוכט די געהיימע טריב-כחות פון דער נשמה, כדי זיך צו שפּילן מיט זיי. דו האָסט אַלץ אויסגענוצט: די כבוד-זוכעריי פון איינע, די פוילקייט פון אַנדערע, אומרויִקייט, קנאה, אַלץ איז גוט געווען פאַר דיר. דידאָזיקע פרעכע פעיקייט האָט דיר געמאַכט צום קאָפּ פון

---

*) פאַברס באַקאַנטע פּיעסע (דער איב.)

אַ עכטער קאָנטר - רעוואָלוציאָנערער סיסטעם, זאָל זיין דערפאַר, חייל דיין חוצפּה און דיין לוסט צו קריגערייען איז געפעלן געוואָרן אומצוואַרפן די באַשטייענדיקע ארדנונג, — צוליב א גע- וויסער קרענקלעכער פאַראַכטונג צום מענטשלעכן פאַרשטאַנד, — אָדער זאָל דאָס גיכער זיין דערפאַר, ווייל דיין באַקאַנטער אַריס- טאָקראַטיזם און דיין געלט - גייציקייט האָבן שוין פון לאַנג געהאַט באַקומען האַנטגעלט פון פיטט אויף צו צעשטערן די רעפּובליק.

א געמורמל צווישן פאָלק. דאַוויד: אַהאַ! זעט איר? — יאַ... יאַ...

שוין אין יאָר 92 געפינט מען דיך קאָנספּירירנדיק מיט די שונאים. דאַנטאָן שיקט דיך צו דיומוריע צוליב יענע פאַרברעכערישע האַנד- לונגען, וועלכע האָבן מציל געווען די פּרוסאַקעס פון פולשטענדי- קער פאַרניכטונג. א מורמלעריי — דאָס אָבער פירט אונז צו די אַנדערע אָנגעקלאָגטע. אך! אך! —דער המון באוועגט זיך, פאַראינטערעסירט כ'לאָז דיך צורו, ווייל זיי האָבן אַזוי קיין צייט נישט, אַז כ'טרעט שוין צו אַראָפּצורייסן זייערע מאַסקעס. כ'וועל זיך גלייך אומקערן צו דיר און כ'וועל חייזן דעם קנופּ, וועלכער בינדט צענויף אַלע פעדים פון דערדאָזיקער שוידערלעכער אינטריגע.

א באוועגונג ביי די אָנגעקלאָגטע דאָס פאָלק ווערט אויפמערקזאַמער. דאַנטאָן זאָגט עטלעכע קורצע מוגטערנדיקע ווע־טער צו זיינע פריינט

## פאַבר

בייסיק צו פוקיע:

דער פּלאַן איז שלעכט געמאַכט, די אינטריגע — נישט קלאָר; צו פיל פערזאָנען; מ'ווייס נישט פון וואַנען זיי קומען און מ,ווייס צו גוט וווהין מ'פירט זיי: ס'איז נישט נויטיק אַזוי פיל צו ריידן. דיין פּיעסע איז זייער שלעכט, פוקיע. דו וואָלסט בעסער געטאָן, ווען דו שניידסט מיר גלייך אָפּ דעם קאָפּ: כ'האָב צאָנווייטאָק.

א געלעכטער

## דער פאָרזיצער

צו הערא דע סעשעל:

אָנגעקלאָגטער, אייער נאָמען און פערסאָנאַליען. דאָס פאָלק: ווער איז דאָס? ווער איז דערדאָזיקער אַריסטאָקראַט? — דאָס איז הערא.



## הערא:

געוועזענער הערא סעשעל. פריער גענעראַל-פּראָקוראָר אין געריכט: כ'האָב פּרעזידירט אין דאָזיקן זאַל. געוועזענער פאָרזיצער פון קאָנווענט: כ'האָב אין זיין נאָמען פּראָקלאַמירט די רעפּובליקאַנישע קאָנסטיטוציע. געוועזענער מיטגליד פון קאָמיטעט פון עפנטלעכער רעטונג; געוועזענער פרייגט פון סען - זשיוסט און קוטאָן, וועלכע דערמאָרדן מיך.

א מיידל: „אך! ער איז א שיינער מאַן!"

## דער פאָרזיצער:

איר זענט אַן אַריסטאָקראַט. אייער פאַרמעגן שטאַמט פון אייערע פאַרבינדונגען מיטן הויף, און פון דער באַקאַנטשאַפט מיט דער פרוי קאַפּע, צו וועלכער פּאָליניאַק האָט אייך אַריינגעפירט. איר האָט קיינמאָל נישט איבערגעריסן אייערע באַציאונגען מיט די עמיגראַנטן; איר זענט געווען דער פריינט פון פּראָלי, דעם עסט- דייכער, דעם ממזר פון פרינץ דע קאָניץ, וועלכער איז פאָריגן חודש גיליאָטינירט געוואָרן. איר האָט אויסגעגעבן סודות פון קאָ- מיטעט פון עפנטלעכער רעטונג און אויסגעליפערט וויכטיקע פּאַפּירן צו פרעמדע הויפן. אין סתירה צום געזעץ האָט איר אויפגענומען ביי זיך דעם געוועזענעם קריגס - קאָמיסאַר קאַטוס, וועלכער איז פאַרפאָלגט געווען אַלס עמיגראַנט און פאַרשווערער. איר זענט אַזוי ווייט דערגאַנגען אין אייערע העזה, אַז איר זענט געגאַנגען אים פאַרטיידיקן און פאָדערן זיין באַפרייאונג אין דער אָפּטיילונג לע פעלעטיע, וו ער איז געווען אַרעסטירט. דאָס פאָלק: אָט אַן אַריס- טאָקראַט! א שטריקערקע:*) דאָס איז נאָך א פראָנט פון אַלטן רעזשים

## הערא:

אַ חוץ איין פונקט: די פאַרשפּרייטונג פון מלוכה - סודות, וואָס איך לייקן קאַטעגאָריש, און וואַרף אייך פאָר, אַז איר קענט עס

---

*) א פאָלקס - פרוי וועלכע פלעגט שטריקן אויף די זיצונגען, פון קאָנווענט און פון רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל. א באַקאַנטער טיפּ אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דינט אָפּט אין דער ליטעראַטור אַלס סימבאָלישע פיגור (דער איב.)

ניש באַווייזן, — איז אַלדאָס איבעריקע ריכטיק. איך בין זיך אָפּן מודה אין דעם.

### דער פאָרזיצער:

מיט וואָס דערקלערט איר דאָס?

### הערא:

קיין שום דערקלערונגען נישט. כ'האָב געהאַט פריינט. קיין שום באַשלוס פון דער מלוכה האָט מיר נישט געקענט שטערן זיי ליב צו האָבן און זיי העלפן אין אַ נויט.

### דער פאָרזיצער:

איר זענט געווען דער פאָרזיצער פון קאָנווענט. אויף אייך איז געלעגן דער חוב צו געבן דער נאַציע אַ ביישפּיל פון פאָלגן די געזעצן.

### הערא:

איך גיב איר דעם ביישפּיל פון שטאַרבן פאַר דער פליכט.

### דער פאָרזיצער·

איז דאָס אַלץ, וואָס איר האָט צו זאָגן?

### הערא;

אַלץ.

### פוקיע:

דעם ווייטערדיקן, הערמאַן!

אומעטום אין המון ווערט איבערגעחזרט דעמולענס נאָמען; דאס איז דעמו-לען... דעמולען... קאַמיל, קאַמיל... און פלוצלונג ווערט שטיל״

### דער פאָרזיצער

צו דעמולען:

אייער נאָמען, פאָרנאָמען, שטאַנד.

### קאַמיל

שטארק צערודערט:

ליוצי־קאַמיל סימפּליס דעמולען, דעפּוטאַט פון קאָנווענט.

### דער פאָרזיצער:

אייער עלטער?



### קאַמיל:

דער עלטער פון סאַן־קיולאָט יעזוס, ווען ער איז געבראַכט געוואָרן אַלס קרבן: דריי־און־דרייסיק יאָר. אין פאָלק אַ געמורמלעריי פון מיטלייד און אומצופרידנקייט. אַ שטריקערקע ווייזט אַ פויסט: לעסטערער!

### דער פאָרזיצער:

איר ווערט באַשולדיקט אין לעסטערן די רעפּובליק. איר האָט גע-טריבן רכילות קעגן די מעשים פון דער מלוכה, איר האָט פאַר-גליכן דעם רום, אין וועלכן מיר לעבן, מיט די שאַנד־מעשים פון די רוימישע צעזאַרס. איר האָט אויפגעוועקט צום לעבן די האָפ-נונגען פון די אַריסטאָקראַטן, איר האָט איפּגערייצט דעם חשד קעגן דער נויטיקייט פון די רעפּרעסיעס, איר האָט געהאַמעוועט דאָס ווערק פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג. מיט אַ סימולירטן הו-מאַניזם, וואָס שטייט אין סתירה צום כאַראַקטער פון אייער פאַר-גאַנגנהייט, האָט איר געוואָלט עפעגען די תפיסות פאַר די פאַרדעכ-טיקע, כדי צו פאַרטרינקען די רעפּובליק אין די כוואַליעס פון נקמה־אַקטן מצד דער קאָנטר־רעוואָלוציע. — וואָס האָט איר צו ענטפערן אויף דעם?

### קאַמיל

שטארק צערודערט, באַמיט זיך צו ענטפערן, שטאַמלט, הויבט אויף ד האַנט צום שטערן, פול מיט אנגסט זיינע פריינט קוקן אים אָן, באַאומרויקט:

איך בעט די איינזעעניש פון טריבונאַל. כ'ווייס נישט, וואָס מיר איז. כ'קען נישט ריידן.

צוויי מיידלעך: „וואָס איז אים דען? וואָס פעלט אים דען?״

### דער פאָרזיצער:

איר אַנערקענט די פאַקטן, אין וועלכע איר ווערט באַשולדיקט?

### קאַמיל:

ניין, ניין.

### דער פאָרזיצער:

אויב אַזוי, טאָ פאַרטיידיקט זיך.

**קאַמיל:**

כ'קען נישט, אַנטשולדיקט. ס'איז מיר באַפאַלן אַ פלוצלונגע שלאָפ-קייט. א מאן: ער פארגלאָצט די אויגן. — די שטריקערקע: דאָס פריילין האָט באקומען אירע שלאפקייטן. — אַ מיידל: ארעמענקערער איז אינגאנצן בלייך.

זייגע פרייגט פאַרען זיך ארום אים. ער האָט זיך אוועקגעזעצט, אָטעמט שווער און ווישט זיך דעם שטערן מיט זיין טיכל. דער פאָרזיצער הויבט די בארקעס.

**פוקיע:**

יאָ, אָדער ניין, ביסט זיך מודה?

**פיליפפאָ:**

לייענט די אינקרימינירטע שטעלן.

**דאַנטאָן:**

יאָ, לייענט זיי, האָב די העזה זיי צו לייענען פאַרן פאָלק; זאָל עס אַליין משפטן, אויף וועלכער זייט עס זיצן זיינע פריינט!

**דער פאָרזיצער:**

כ'האָב זיי שוין גענוג פאָרמולירט; עס שיקט זיך נישט צו געבן ווידער אַ ווידערקלאַנג געפערלעכע ווערטער.

**דאַנטאָן:**

געפערלעך פאר וועמען? פאַר די באַנדיטן?

אהא! אהא! אין המון א צופרידענע און נייגעריקע באוועגונג.

**פוקיע:**

דידאַקטיקע קאָמעדיע איז שוין צוגעגרייט פון פריער; מיר וועלן גיין ווייטער.

**קאַמיל**

מיט אנגסט:

כ'שעם זיך... כ'בעט אויך אַלעמען איבער... אָבער שוין מערערע נעכט ווי איך שלאָף נישט; די בלבולים, פון וועלכע כ'בין אַ קרבן, האָבן מיך צוגעדריקט; כ'קען זיך נישט באַהערשן, כ'קען נישט גוט ריידן. זאָל מען מיר געבן אַ קליינע פויזע: כ'האָב אַ מין קאָפּ-שווינדל.

א מיידל: בינדט אים דאָך אויף דעם שניפּס! — די שטריקערקע: פּט דאָס, א מאן? דאָס איז ווייך ווי געדערים!



**פוקיע:**

מיר האָבן נישט צו פאַרלירן קיין צייט.

**דאַנטאָן:**

אין וועלכער שעה ביסטו דען מחויב אָפּצוליפערן אונזערע קעפּ? דו קענסט נישט וואַרטן, תלין?

**פיליפפאָ:**

דו וועסט וואַרטן אויף דעמולענען, איר האָט נאָך נישט קיין רעכט צו דערווערגן מענטשן, נישט אויסהערנדיק זיי. דאָס פאָלק: יאָ! יאָ!

**פאבר:**

דו ווייסט, אַז ער איז עמפינדלעך און ווערט לייכט באַאיינדרוקט; דו ווילסט אויסנוצן זיין שוואכקייט, כדי אים צו דערווערגן; דו וועסט עס גישט טאָן, כל זמן מיר לעבן נאָך.

**הערא**

איראָניש:

דאָס איז דער דועל פון קייזער קאָממאָדוס, וועלכער איז אַליין באַוואָפנט געווען מיט אַ רייטער-שווערד און געצוווּנגען דעם פיינט צו קעמפן מיט אַ טעמפן שווערדל אין אַ שייד.

**דער פאָרזיצער:**

שטיל!

**אלע פיר:**

דו אַליין זיי שטיל, תלין! פאָלק, שיץ אונזערע רעכט, די הייליקע רעכט פון פאַרטיידיקונג! דאָס פאָלק קומט אין באוועגונג. שרייען: בראוואָ!

**דאַנטאָן**

קלאפט אריין אין דעמולענם הענט:

קום, מיין קינד, באַניי דיין מוט.

**קאַמיל**

נאָך זייער מיד, אבער ער באהערשט זיך שוין, ער דריקט דאנטאנס האנט, שמייכלט צו אים און הויבט זיך אויף:

א דאנק, פריינט, מיין אומבאַגרייפלעכע שלאַפקייט פאַרשווינדט; אייער ליבע באַלעבט מיך פון ס'ניי. האַ! האַ! — מען ספּאָט זיך,

כדי אים צו זען אָט דאָס איז עס, וואָס וועט אייך תמיד פעלן, איר פאַרזעענישן; די ליבע פון אַזעלכע פריינט, ווי די אָטאָדאָ!— איר באַשולדיקט מיך, ווייל כ'האָב פריי אַרויסגעזאָגט מיין גע- דאַנק? איך האַלט עס פאַר מיין רום. טריי דער רעפּובליק, וועל- כע כ'האָב געגרינדעט, וועל איך בלייבן פריי, וועלכן פרייז כ'זאָל דערפאַר נישט באַצאָלן. כ'האָב געזידלט די פרייהייט, זאָגט איר? כ'האָב געזאָגט, אַז פרייהייט איז גליק, איז פאַרשטאַנד, איז גלייכהייט, איז גערעכטיקייט. אָט דאָס זענען מיינע זידלערייען! פאָלק, משפט לויט דעם, וועלכע לויב-געזאַנגען זיי פאַרלאַנגען.

דאָס פאָלק: בראַוואָ!

### דער פאָרזיצער:

ווענדט זיך גישט צום פאָלק.

### קאַמיל:

צו וועמען ווילסטו זאָל איך מיך ווענדן? צו די אַריסטאָקראַטן?

דער שרייבער: ביסט אַ מבין, ער האָט דאָך רעכט!

כ'האָב געפאָדערט אַ רעגירונג פון חסד; כ'האָב געוואָלט, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק זאָל ענדלעך געניסן זיין פרייהייט, וועלכע עס האָט דעראָבערט, אַפּנים, נאָר דערפאַר, כדי צו באַפרידיקן די נקמה-געפילן פון אַ הייפל מנוולים. כ'האָב געוואָלט, אַז די מענטשן זאָלן אַ סוף מאַכן צו זייערע מחלוקות, און אַז די ליבע זאָל זיי פאַרוואַנדלען אין איין גרויסע פאַמיליע, וואָס איז פאַ- רייניקט אין ברודערשאַפט. ווי עס שיינט זענען אַזעלכע ווונטשן אַ פאַרברעכן. — און איך האַלט, אַז אַ פאַרברעכן איז די דאָזיקע ווילד-געוואָרענע פּאָליטיק, וואָס דערנידעריקט די נאַציע, וואָס שענדעט דאָס פאָלק, ווייל זי צווינגט עס פאַר די אויגן פון קאָסמאָס איינצוטונקען די האַנט אין אומשולדיק בלוט.

א באַוועגונג אין המון, וועלכער הערט אויס דעמולענס ווערטער מיט אַ ליידנשאַפט- לעכער אויפמערקזאַמקייט

### דער פאָרזיצער:

נישט איר באַשולדיקט, איר ווערט באַשולדיקט.

### קאַמיל:

נו גוט, איך קלאָג מיך אָן אַליין, אויב אירווילט, איך באַשולדיק



זיך, אַז נישט תמיד האָב איך געטראַכט אַזוי ווי היינט. צו לאַנג האָב איך געגלויבט אין האַס, די ליידנשאַפט פון קאמף האָט מיך פאַרבלענדעט, כ'האָב אַליין אויך געטאָן צופיל שלעכטס; כ'האָב פאַנאַנדערגעבלאָזן די נקמה-געפילן; מיינע שריפטן האָבן נישט איין מאָל אָנגעשלייפט די האַק. דורך מיין וואָרט זענען אַהער געבראַכט געוואָרן אומשולדיקע: אָט דאָס איז מיין פאַר- ברעכן, מיין אמת פאַרברעכן, וועלכן כ'טייל מיט אייך, פאַר וועלכן כ'קום היינט אָפּ!

### דער פאָרזיצער:

וועגן וועמען רעדט איר?

### פוקיע-טענוויל:

וועמעס טויט באַדויערסטו?

### פיליפּפּאָ:

שווייג, דעמולען!

### פאַבר:

ס'איז אַ פאַסטקע. היט זיך!

### דאַנטאָן:

דו אויסוווּרף! פאַרשלינג דיין אייגענע צונג!

### קאַמיל:

כ'רייד וועגן די זשיראָנדיסטן.

דאָס פאָלק ווערט אומרויק

דאַוויד: ער איז מודה! ער איז מודה!

### דער פאָרזיצער:

דער אָנגעקלאָגטער אַנערקענט אליין, אַז ער האָט אַנטיילגענומען אין די פאַרשווערונגען פון די בריסאָטיסטן.

### קאַמיל

הויבט די אַקסלען:

אויפן גרונט פון מיין „דעמאַסקירטער בריסאָ" האָט מען זיי פאַרמשפּט.

פוקיע-טענויל

אָבער דו באַדויערסט דאָס היינט?

## קאַמיל

ענטפערט ב שט:

אָ, מיינע קאָלעגן! כ'וועל ריידן צו אייך ווי ברוטוס צו ציצעראָנען: „מיר האָבן צו פיל מורא פאַרן טויט, פאַר דער פאַרשיקונג און פאַר אָרעמקייט. Nimium timemus mortem et exilium et paupertatem". צי דען איז דאָסדאָזיקע לעבן ווערט, אַז מיר זאָלן עס פאַרלענגערן אויפן חשבון פון אונזער ערע? נישטאָ צווישן אונז קיינער, ווער ס'זאָל שוין נישט האָב אַרויפגעשטיגן אויפן שפיץ פון לעבנס-באַרג. עס בלייבט אונז שוין נישט מער ווי אַראָפצושטייגן פון אים איבער טויזנטער אַפגרונטן, וועלכע דער שטילסטער מענטש אַפילו קען זיי נישט אויסמיידן. דערדאָזיקער אַראַפשטיג וועט אונז נישט אנבאטן קיין איין מאַלערישע לאַנדשאַפט, וואָס קיין טויזנט מאָל פּרעכטיקערע פאַר איר זאָלן זיך נישט האָבן אנגעבאַטן יענעם שלמה, וועלכער האָט צווישן זיינע זיבנהונדערט ווייבער געזאָגט, טרעטנדיק מיט די פיס דעם דאָזיקן גאַנצן גליק-אינווענטאַר: „כ'האָב אויסגעפונען, אַז די טויטע זענען גליקלעכער פאַר די לעבעדיקע און אַז דער גליקלעכסטער איז דער, ווער ס'איז קיינמאָל נישט געבוירן געוואָרן". *)

ער זעצט זיך אַוועק

## דאַנטאָן:

שוטה, דו האַקסט אונז אָפּ דעם קאָפּ!

ער נעמט אים ארום

א מיידל: ס'מאַכט נישט, ער איז דאָך פּרעכטיק.

מען ביט צווישן דאַנטאָנען, אַז זיין ריי איז אָנגעקומען. ער הויבט זיך אויף און דערנענטערט זיך צום טריבונאַל

ווען דאַנטאָן הויבט זיך אויף, קומט פאָר אין המון א שטורמישע באַוועגונג...

א זשומעריי פון שטימען: — אָ ט א י ז ע ר... אָ ט א י ז ע ר...

---

*) דערדאָזיקער אָפּזאַץ איז גענומען פון „ווייע קאַרדעליע".



## דער פּאָרזיצער

צו דאַנטאָנען:

באַשולדיקטער, אייער נאָמען, פאַרנאָמען, עלטער, שטאַנד און וווינונג.

## דאַנטאָן

מיט א קלינגנדיקער שטים:

מיין וווינונג? אינגיכן אין נישט-זיין. מיין נאָמען? אין פּאַנטעאָן.

אָן אַלגעמיינער ציטער. א מאַן, באַגייסטערט: ביסט א מבין! וואָלסט עס גלויבן? האַ. דאָס פאָלק איז באַוועגט. עס רעדט, עס שיינט צוצושטימען; דערנאָך, פּלוצלונג, נאָך די ווערטער פון פּאָרזיצער, אַן אבסאָלוטע שטי קייט.

## דער פּאָרזיצער:

איר קענט דאָס געזעץ: ענטפערט פּרעציז.

## דאַנטאָן:

איך בין זשאָרזש-זשאַק דאַנטאָן, פיר-און-דרייסיק יאָר אַלט, געבאָרן אין אַרציס-סיר-אָב, אַן אדוואָקאַט, דעפּוטאַט פון קאָנווענט כ,ווין אין פּאַריז, אויף דער קאָרדעליע-גאַס.

## דער פּאָרזיצער:

דאַנטאָן, דער נאַציאָנאַל-קאָנווענט באַשולדיקט אייך, אַז איר האָט קאָנספּירירט צוזאַמען מיט מיראַבאָ און דיומוריע, אַז איר האָט געוווסט וועגן זייערע פרייהייט-צעשטערערישע פּלענער, און אַז איר האָט זיי אין געהיים אונטערגעשטיצט.

דאַנטאָן ברעכט אויס אין א דונערנדיקן געלעכטער. דאָס פאָלק דרייט זיך אין דרייען פון געלעכטער. אָן אזארט-אַרטיקע פרייד כאַפּט ארום דעם גאַנצן המון. די גאָפּלעפטע ריכטער, דאָס פאָלק, און אפילו די אָנגעקלאָגטע בויגן זיך אויס, כדי אים אָנצוקוקן און ווערן אָנגעשטעקט פון זיין געלעכטער. דער גאַנצער זאַל הילכט אָפּ פון דערדאָזיקער שפּעהאָמערישער פרייד. דאַנטאָן גיט א קלאַפּ מיטן פויסט אויף דער באַריערע פאַר זיך.

## דאַנטאָן

לאַכט:

די פרייהייט קאָנספּירירט קעגן דער פרייהייט! דאַנטאַן קאָנספּירירט קעגן דאַנטאָנען! — אויסוווּרפן!... קוקט מיר גלייך אין פּנים. די פרייהייט איז אַטאַדאָ! ער נעמט אריין דעם קאָפּ אין די הענט זי איז דאָ אין דערדאָזיקער מאַסקע, וואָס איז געפאָרמט דורך

איר ווילדן חותם; זי איז דאָ אין דידאָזיקע אויגן, וואָס פלאַקערן מיט אירע וואולקאַנישע פלאַמען; זי איז דאָ אין דערדאָזיקער שטים, וואָס איר ברילן מאַכט ציטערן די פאַלאַצן פון די טיראַנען ביז אין זייערע פונדאַמענטן. נעמט מיין קאָפּ, נאָגלט זי צו צום פאַנציר פון דער רעפּובליק. ווי דער קאָפּ פון מעדוזא וועט ער טויטן, פאַר שרעק, די פיינט פון דער פרייהייט.

*דאָס פאָלק אַפּלאָדירט.*

**דער פאָרזיצער;**

איך בעט אייך נישט, איר זאָלט זיך זינגען ליב - געזעגענען; פאַרטיידיקט זיך.

**דאַנטאָן:**

אַ מענטש ווי איך פאַרטיידיקט זיך נישט: מיינע מעשים רעדן פאַר זיך אַליין. כ'האָב גאָרנישט וואָס צו פאַרטיידיקן, וואָס צו דערקלערן. אין מיין לעבן איז קיין שום פאַרבאָרגענעס נישטאָ. כ'וויקל זיך נישט איין אין געהיימנישן, ווי ראָבעספּיער. כדי צו נואפן מיט אַן אַלטער פרוי,

*בעלעכטער, אַ פרוי, מיט ווילדן כעס: ער לעסטערט!*

מיין טיר איז ברייט צעעפנט, מיין בעט האָט נישט קיין פאָרהאַנגען; גאַנץ פראַנקרייך ווייס ווען איך טרינק און ווען איך האָב ליב. איך בין אַ שטיק פאָלק: מיינע שלעכטע מעשים און מיינע מעשים טובים געהערן צום פאָלק; כ'פאַרשלייער קיין שום זאַך נישט פאַר אים. כ'וויין זיך דער וועלט מיט אַ נאַקעטן בויך, ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט.

*דאַוויד: סאַרדאַנאַפּאַל! כאָטש זע, ווי ער ברעכט!*

**דער פאָרזיצער:**

דאַנטאָן, דאָסדאָזיקע נבול - פה באַליידיקט דאָס געריכט. די שענדלעכקייט פון אייערע אויסדרוקן באַווייזט די נידעריקייט פון אייער נשמה. איינגעהאַלטנקייט איז דער צייכן פון אומשולד, העזה — פון פאַרברעכן.

**דאַנטאָן:**

אויב העזה איז אַ פאַרברעכן, נעם איך אָרום דאָס פאַרברעכן, פאָרזיצער, כ'קוש עס אין רעכטן מיטן מויל, און דיר לאָז איך איבער די טוגנט; פרעהס מאָגערע קי רופן נישט אַרויס ביי מיר קיין קנאה. כ'האָב ליב די העזה און כ'בין שטאָלץ מיט איר: די



העזה מיט פעסטע אומאָרמונגען, מיט שווערע ברוסטן, פון וועלכע ס'זויגן העלדן. די רעוואָלוציע איז די טאָכטער פון העזה. דאָס האָט זי צעשטערט די באַסטיליע; דאָס האָט זי דורך מיין שטים אויפגעהויבן דאָס פאָלק פון פּאַריז קעגן קיניגטום! דאָס האָט זי דורך מיין פויסט אָנגעכאַפּט די אָפּגעהאַקטע קאָפּ פון לודוויק דעם פאַרקירצטן פאַר זיינע פעטע אויערן און זי אַ שליידער געטאָן אין פנים פון די טיראַנען און פון זייער גאָט!

*בראַוואָ - געשרייען. אין פאָלק איז אַ צושטימנדיקע באַוועגונג*

**דער פאָרזיצער:**

דידאָזיקע אַלע העפטיקע שטיק האָבן קיין צוועק נישט. איך דערמאָן אייך אין די פרעציזע באַשולדיקונגען, וועלכע זענען געווענדט קעגן אייך, און כ'פאָדער אייך אויף צו ענטפערן אויף זיי גענוי, נישט אָפּווייכנדיק פון די פאַקטן.

**דאַנטאָן;**

פון אַ רעוואָלוציאָנער ווי איך האָט איר זיך געריכט אויף אַ קילן ענטפער? מיין נשמה איז ווי אַרץ, וואָס זידט אין גוס - אויוון. די סטאַטוע פון פרייהייט ווערט אויסגעגאָסן אין מיין ברוסט. און מיך וויל מען איינשפּאַרן אין אַ ראָד פון אַ וועוויאָרקע! מיך וויל מען אונטערוואַרפן אַ קאַטעכיזיס - פאַרהער! כ'וועל צערייסן די נעץ, אין וועלכער איר ווילט מיך פאַנגען; מיין ברוסט וועט אויפרייסן די צו ענגע העמד. — מ'באַשולדיקט מיך, זאָגט איר! וו זענען די, וועלכע קלאָגן מיך אָן? זאָלן זיי זיך ווייזן, און כ'וועל זיי באַדעקן מיט שאַנדע, ווי זיי זענען ווערט.

*די גרעסטע טייל פון המון שטימט צו. דאַוויד און זיינע שכנים פּראָטעסטירן*

**דער פאָרזיצער:**

נאָך אַמאָל, דאַנטאָן: איר פאַרזינדיקט זיך קעגן דער נאַציאָנאַלער פאַרטרעטערשאַפט, קעגן טריבונאַל און קעגן סוווערענעם פאָלק, וואָס האָט רעכט צו פאָדערן פון אייך אַ דין - וחשבון פון אייערע מעשים. מאַראַט איז אָנגעקלאָגט געוואָרן ווי איר. און ער איז נישט געווען אויפגעבראַכט קעגן זיינע אָנקלאָגער. די פאַקטן האָט ער נישט קעגנגעשטעלט אַטלעטישע און רעטאָרישע צאָרן - אויסברוכן; ער האָט זיך באַמיט ריינצווואַשן, און דאָס איז אים געלונגען.

כ'קען אייך נישט פאָרלייגן קיין בעסערן פאָרבילד, ווי דעם דאָזיקן גרויסן בירגער.

א פרוי, מיט א דורכדרינגנדיקער שטים: — דער מערטירער!

## דאַנטאָן:

ו גוט, איך וועל זיך אַראָפּלאָזן צו מיין רעכטפאַרטיקונג, כ,וויל ויך האַלטן ביים פלאַן, וועלכן סען-זשיוסט האָט אָנגעוואָרפן... ווען כ'לויף דורך דידאָזיקע רשימה פון העסלעכקייטן, פיל איך ווי מיין גאַנץ וועזן ווערט דערציטערט! — איך, פאַרקויפט צו מיראַבאָ, אָרלעאַנס, דיומוריע! כ'האָב זיי תמיד באַקעמפט. כ'האָב דורכגעקרייצט מיראַבאָס כונות, ווען כ'האָב זיי געהאַלטן פאַר געפערלעך פאַר דער פרייהייט. כ'האָב קעגן אים פאַרטיידיקט מאַראַטן. כ'האָב זיך געזען מיט דיומיריע נאָר דערפאַר, כדי צו פאָדערן פון אים אַ חשבון פון די מיליאָנען, וועלכע ער האָט פאַרשווענדעט. כ'האָב פאָרגעפילט זיינע פלענער, און כדי זיי צו שטערן, האָב איך געקיצלט די גאווה פון דאָזיקן פויגל. האָב איך אים דען געדאַרפט אַרויסברענגען פון די כלים, ווען ער האָט געהאַלטן אין זיינע הענט דעם וויל פון דער רעפובליק? אמת, כ'האָב צו אים געשיקט פאַברען; אמת, כ'האָב אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט ווערן גענעראַליסימוס; אָבער גלייכצייטיק האָב איך באַפולמעכטיקט בילִיאָ, ער זאָל אים שאַרף האָבן אויפן אויג. וויל מען מיר אפשר פאָרוואַרפן, וואָס כ'האָב אָפּגענאַרט אַ בוגד? כ'בין באַגאַנגען נאָך אַסך אַנדערע פאַרברעכנס פאַרן פאָטערלאַנד! מ'איז נישט מציל קיין מלוכה מיט קירכע-טוגנטן. אַלע פאַרברעכנס, אַלע, וואָלט איך געטראָגן אויף דידאָזיקע אַקסלען, נישט בויגנדיק זיך, ווען ס'וואָלט נויטיק געווען כדי אייך צו ראַטעווען, אייך אַלע, די ריכטער, דאָס פאָלק, אַפילו די נידעריקע בלבולמאַכער, וועלכע קלאָגן מיך אָן! א באַוועגונג אין פאָלק... איך, קאָנספּירירט מיטן קיניגטום! איך דערמאָן מיך טאַקע אינדערעמתן, אַז כ'האָב אַרויסגערופן די אויפריכטונג פון דער מאָנאַרכיסטישער געוואַלט דעם 10 אויגוסט, דעם טריאומף פון די פעדעראַליסטן דעם 31-טן מאַי, דעם זיג פון די פרוסאַקעס ביי וואַלמי!...

דאָס פאָלק: האָ! כ'רעכן אזוי: מיינע אָנקלאָגער! זאָל מען מיך שטעלן



מיט זיי פנים אל פנים! כ'וויל ריידן וועגן די מנובלים, וועלכע ברענגען אום די רעפובליק. כ'האָב צו מאַכן וויכטיקע רעוועלאַציעס; כ'פאָדער, מען זאָל מיך אויסהערן. דאָס פאָלק: אָבער געוויס! געוויס! דאַוויד ווינציקער מעשהלען! די קאָפּ אין זאַק!

## דער פאָרזיצער:

דידאָזיקע אומאַנשטענדיקע אָנפאַלן קענען נאָר ברענגען שאָדן אייער ענין. די, וועלכע קלאָגן אייך אָן, געניסן די עפנטלעכע אַכטונג. רעכטפאַרטיקט זיך צוערשט: אַן אָנגעקלאָגטער איז נישט באַגלויבט, כל זמן ער האָט זיך נישט רייניגעוואַשן כון די חשדים וועלכע רויבן יעדן ווערט ביי זיינע באַשולדיקונגען. — נישט נאָר וועגן אייער רעפובליקאַניזם אַליין האַנדלט עס זיך; מ'קלאָגט אָן אייער גאַנצן כאַראַקטער, אייערע סקאַנדאַליעזע זיטן, אייער אויסגעלאַסנקייט, אייער פאַרשווענדונגסלוסט, אייערע רויבערייען, אייערע מאַלווערזאַציעס.

## דאַנטאָן:

גיס זיך נישט אויס פאַר איין מאָל! פאַרשטאָפּ ווידער די פאַס פון דיין שיינריידעריי; געלעכטער צאַפּ עס אויס טראָפּנווייז, עס זאָל גאָרנישט פאַרלאָרן גיין דערפון! — אין וואָס באַשולדיקט מען מיך? אין ליב האָבן דאָס לעבן, אין געניסן פון אים?... אודאי, כ'האָב ליב דאָס לעבן. אַלע פעדאַנטן פון אַרראַס און זשענעווע וועט נישט געלינגען צו דערשטיקן די פרייד, וואָס יוירט אין דער ערד פון שאַמפּאַן, און מאַכט אויפגיין די קנאָספּן פון וויינשטאָק און די פאַרלאַנגען פון מענטשן. זאָל איך רויט ווערן פאַר מיין קראַפט? די נאַטור האָט מיר באַשאָנקען מיט אַטלעטישע פאַרמען און געוואַלטיקע באַדערפנישן. פאַרשווינט פון אומגליק אָפּצושטאַמען פון אַ פּריווילעגירטער און דעגענערירטער ראַסע, האָב איך דורך די שטורעמס פון אַ פאַרצערנדיקער קאַריערע דורכגעטראָגן אומבאַרירט מיין גאַנצע איינגעבאַרענע קראַפט. אויף וואָס באַקלאָגט איר זיך? דידאָזיקע קראַפט האָט אייך דאָך מציל געווען. וואָס גייט אייך אָן, וואָס איך פאַרברענג מיינע נעכט אין פּאַלע-ראָיאַל? כ'האָב דורכדעם נישט פאַרמינערט מיינע צערטלעכקייטן פאַר דער

פרייהייט. מיינע לענדן זענען בכח אויסצוהאַלטן אַלע אַרומנעמונגען. איר ייגט אין חרם די ליידנשאַפט? צי דען האָט פראַנקרייך געטאָן א נדר פון צניעות? זענען מיר דען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער רוט פון אַ בייזן שול-לערער, אָדער, ווייל איין אַלטער פוקס האָט אן אָפגעהאַקטן עק, מוזן מיר אויך אונזערן פאַרלירן?

אַ ברילנדיקער, לאנג-אָנהאַלטנדיקער געלעכטער.

## דער פאָרזיצער:

מ'באַשולדיקט אייך, אַז אַ טייל געלט, וועלכעס די מלוכה האָט אייך אָנגעטרויט, האָט איר פאַרנוצט פאַר זיך פערזענלעך; איר האָט פאַרוועגדט די געהיימע פאָנדן פאַר אייער תענוגים; איר האָט אויסגעזויגן בעלגיע און מיטגעבראַכט פון בריסעל דריי וואָגנס מיט רויב.

## דאַנטאָן:

כ'האָב שוין געענטפערט אויף דידאָזיקע נאַרישע אויסטראַכטענישן. ווען כ'בין געווען מיניסטער פון דער רעוואָלוציע, האָט מען געשטעלט אין מיין רשות 50 מיליאָן; כ'אַנערקען דאָס; כ'האָב פאָרגעלייגט צו געבן וועגן זיי אַ ריכטיקע רעכנונג. קאַמבאָן האָט מיר געגעבן 400.000 פונט אויף געהיימע הוצאות. פון זיי האָב איך 200.000 אויסגעגעבן אָן בוכונג. כ'האָב געגעבן אַ קאַרט בלאַנש פאַברען און ביליאָן. דידאָזיקע פאָנדן זענען געווען די הויב-שטאַנגען, מיט וועמענס הילף כ'האָב געשטעלט אויף די פיס די דעפאַרטאַמענטס. — וואָס שייך דער לעכערלעכער געשיכטע וועגן די סערוועטקעס פון דער ערצהערצאגין, וועלכע כ'זאָל האָבן מיטגעבראַכט פון בעלגיען און באַזייטיקט פון זיי די סימנים, — האַלט מען מיך דען פאַר אַ גנב פון נאָזטיכלעך? מ'האָט מיינע רענצלעך אויפגעעפנט אין בעטין: מ'האָט צענויפגעשטעלט אַ פראָטאָקאָל; מ'האָט דאָרט בלויז געפונען מיינע זאַכן און אַ וואָלענעם קאָרסעט. געלעכטער באַליידיקט נישט אמאָל דערדאָזיקער קאָרסעט ראָבעספיערס בושה-געפיל? געלעכטער. איז דאָס, אפשר, אַמאָל, וואָס מען וואַרפט מיר פאָר?

## דער פאָרזיצער:

דער באַווייז פון אייערע מאַלווערזאַציעס געפינט זיך אין פאַר-



שווענדערישן לעבן, וועלכעס איר פירט זייט צוויי יאָר, און וואָס אייער מיטלמעסיק פאַרמעגן וואָלט עס אייך נישט דערלויבט, ווען איר וואָלט עס נישט געפיטערט מיט מלוכה-רויב.

## דאַנטאָן:

פאַרן געהאַלט פון מיין אַדוואָקאַטן-אַמט ביים מלוכה-ראַט, האָב איך געקויפט געוויסע גיטער אין דיסטריקט פון אַרציס. כ'האָב געזיכערט קליינע רענטעס מיין מוטער, מיין שטיף-פאָטער און דער בראַווער בירגערין, וועלכע האָט מיך געזויגט. דידאָזיקע סומען שטייגן נישט איבער דעם ווערט פון מיין אַמט פון פאַר דער רעוואָלוציע. — וואָס שייך דער לעבנס-אַרט, וועלכע כ'האָב געפירט אין פאַריז, אָדער אַרציס, איז מעגלעך, אַז כ'האָב זיך נישט געוווינט צו אַ קמצנישע שפּאָרזאַמקייט. ווען כ'געם אויף מיינע פריינט, נויט איך זיי נישט צו דער קרייטעכצער-זופּ פון דער מוטער דיופּלעי. געלעכטער איך קען נישט קאַרגן נישט פאַר זיך און נישט פאַר אַנדערע. האָט איר גאָר קיין חרפה נישט צו שיקאַנירן דאַנטאָנען מיט דעם, וואָס ער טרינקט און עסט? אַ נידערטרעכטיקע צביעות דראָט צו פאַרפעסטן די נאַציע. זי ווערט רויט פאַר דער נאַטור; ענערגיע שרעקט איר, זי פאַרשלייערט זיך דאָס געזיכט פאַר אַ פרייער באַוועגונג. נעגאַטיווע טוגנטן פאַרנעמען ביי איר דאָס אָרט פון די פּאָזיטיווע. ווען א מאַן האָט אַ שלעכטן מאָגן און אַטראָפירטע חושים, ווען ער קומט דורך מיט אַ שטיקל קעז און שלאָפט אין אַ ענגע בעט, רופט איר אים שוין דער אומקאָרופּטירטער, און דאָסדאָזיקע וואָרט באַפרייט אים פון חוב צו באַזיצן מוט און גייסט. כ'פאַראַכט דידאָזיקע אַנעמישע טוגנטן. די טוגנט איז — צו זיין גרויס פאַר זיך און פאַרן פאָטערלאַנד. ווען איר האָט דאָס גליק צו האָבן צווישן זיך אַ גרויסן מענטשן, טאָ וואַרפט אים נישט פאָר זיין ברויט. באַדערפענישן, ליידנשאַפטן, קרבנות — אַלץ איז ביי אים געבויט לויט אַ גאַנץ אַנדער פּלאַן ווי ביי די אַנדערע. אַכיל פלעגט אויפעסן אַן אָקסן-רוקן ביי זיין מאָלצייט. אויב אַ דאַנטאָן מוז האָבן אסך שפּייז אויף צו הייצן זיין אויוון, וואַרפט עס אים אריין אָן אַ

רעכנונג. דאָ איז ז׳ער פּלאַם, וואָס באַשיצט אייך פון די ווילדן חיות, וואָס לויערן אויף דער רעפּובליק.

אין פאָלק אַ צושטימענדיקע באַוועגונג: דאַוויד! ס׳אַ דעמבּ! ווי ער ברילט! האָלט ער כאָטש פאַרלאָרן די שטימע!

## דער פּאָרזיצער:

איר אַנערקענט הייסט עס די פאַרשוועגדונגען, אין וועלכע מ׳באַשולדיקט אייך?

## דאַנטאָן:

דו זאָגסט ליגנס, כ׳לייקן זיי אָפּ. דאָס פאָלק: אָבער געוויס! געוויס! כ׳האָב געלעבט באַקוועם, אַנשטענדיק, שפּאָרזאַם, אָבער נישט קאַרג, פון די סומען, וועלכע מ׳האָט מיר אָנגעטרויט. כ׳האָב געגעבן דאַנטאָנען, וואָס דאַנטאָנען האָט געקומט. לאָזט קומען די עדות, וועלכע כ׳האָב געפאָדערט, און מיר וועלן אויפקלערן די ספקות. דידאָזיקע אָנקלאַגעס און ענטפערס דאַרפן נישט בלייבן פאַרנעפּלט; נאָר אַ פּרעציזע דיסקוסיע, פּונקט פאַר פּונקט, וועט אַ סוף מאַכן צום פּראָצעס. ווו זענען דידאָזיקע עדות? פאַרוואָס זוימט מען מיט זייער קומען?

שטימען אין פאָלק: די עדות! דאַוויד, צו זיין שכן: וועסט שווייגן? היס זיך. דו פאַרטיידיקסט פאַררעטער? זע, מ׳זאָל דיר נישט מאַכן מיט אַ קאָפּ קירצער!

## דער פּאָרזיצער:

אייער שטים איז אָנגעשטרענגט, דאַנטאָן: רוט זיך אָפּ.

## דאַנטאָן;

נאַרישקייטן, כ׳קען גיין ווייטער.

## דער פּאָרזיצער:

איר וועט אַביסל שפּעטער זיך ווידער אומקערן צו אייער פאַרטיידיקונג מיט מער רויקייט.

## דאַנטאָן

מיט ווילדן צאָרן:

כ׳בין רויק! — מיינע עדות! שוין דריי טעג ווי כ׳פאָדער זיי; שטימען אין פאָלק: יאָ! יאָ! קיין איינציקער איז נאָך נישט אַרויסגעפאָדערט געוואָרן. כ׳פאָדער אויף דעם עפנטלעכן באַשולדיקער מיר



צו דערקלערן, אין דער אָנוועזנהייט פון פאָלק, פאַרוואָס געשיט מיר נישט קיין גערעכטיקייט? איייניקע שטימען: די עדות!

## פוקיע־טענוויל:

כ׳האָב זיך גאָרנישט קעגנגעשטעלט, מ׳זאָל זיי אַרויסרופן, און כ׳שטעל זיך גאָרנישט אַנטקעגן. הא!

## דאַנטאָן:

טאָ שיק זיי רופן! קיין זאַך געשיט נישט אָן דיין באַפעל.

## פוקיע־טענוויל:

איך דערקלער, אַלזאָ, אַז כ׳דערלויב אַרויסצורופן די עדות, — צושטימונג אין פאָלק אָבער על כל פנים נישט די, וועלכע די אָנגעקלאָגטע האָבן אָנגעגעבן אין קאָנווענט: ווייל די באַשולדיקונג פליסט אַרויס פון דער גאַנצער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, און ס׳וואָלט זיין לעכערלעך אָנצונעמען, אַז אייערע אָנקלאָגער גופא וועלן זיך באַמיען אייך ריינצוואַשן, בפרט די פאָלקס־פאַרטרעטער, די באַזיצער פון דער העכסטער מאַכט, וועלכע דאַרפן אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פאַר איר נאָר דעם פאָלק.

## הערא:

אך! אַ נישקשהדיק יעזואיטן־שפּיצל! ער לאַכט, אויף פּאַבר.

## דאַנטאָן:

אויף אַזאַ אופן וועלן מיך מיינע קאָלעגן קענען דערמאָרדן, און מיר וועט פאַרווערט זיין זיך צו טרעפן פנים אל פנים מיט מיינע מערדער?

## פוקיע־טענוויל:

דו דערוועגסט זיך צו זידלען די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג?

## פיליפּפּאָ:

מיר זענען דאָ, הייסט עס, דאָ נאָר לשם פאָרמע? מ׳וויל אונז צווינגען צו שפּילן אַ שטומע ראָל?

## קאַמיל:

פאָלק, דו הערסט עס! זיי האָבן מורא פאַרן אמת! זיי ציטערן פאַר די עדות, וואָס וועלן זיי דערדריקן. אַ באַוועגונג אין פאָלק

## דער כאָרזיצער:

װענדט זיך נישט צום פאָלק.

## פיליפפאָ:

דאָס פאָלק איז אונזער איינציקער ריכטער; אָן אים זענט איר גאָרנישט. צושטימונג אין פאָלק

## קאַמיל:

איך אַפעליר צום קאָנװענט! געשרייען אין פאָלק; דער קאָנװענט!

## דאַנטאָן:

איר װילט אונז פאַרשטאָפּן דאָס מויל. אייך װעט עס נישט געלינגען, מיין שטים װעט אויפטרייסלען פאַריז ביז אין אירע געדערים ליכט! ליכט! דאָס פאָלק. ליכט! — די באַװעגונג פון פאָלק, װאָס האָט נישט אויפגעהערט צו שטייגן ביז א מעכטיקן גערויש זינט דאַנטאָנס ערשטן רוף נאָך זיינע עדות, ברעכט אויס אין א שטורעם פון געשרייען און בראַװאָ־אויסרופן װאָס פאַרטויבן אַלע װערטער

## דער פאָרזיצער:

שטיל!

## דאָס פאָלק:

די עדות!

אַלע צוזאַמען, אין זעלבן װילדן ריטם: די עדות! די עדות! —דאַװיד מיט זיינע פריינט, װעלכע פּראָטעסטירן, װערן אכזריותדיק געשלאָגן.

די ריכטער זענען געפּלעפט

## פוקיע־טענװיל:

ס'איז שוין צייט אויפצוהערן דעם דאָזיקן סקאַנדאַליעזן װיכוח; איך שרייב צום קאָנװענט, הא: כ'װעל אים איבערגעבן אייער בקשה. אים װעלן מיר זיך אונטערװאַרפן.

דאָס פאָלק אַפּלאָדירט. — פוקיע און הערמאַן בּאַראַטן זיך, שרייבן, לייענען מיט א נידעריקער שטים, װאָס זיי האָבן אָנגעשריבן.

## קאַמיל

אויסער זיך:

אַ! דער ענין איז א געװוּנענער!

## דאַנטאָן:

מיר װעלן דידאָזיקע מנוולים אָנלערנען; איר װעט זיי זען זיך



װאַלגערן אויף דר'ערד, מיט דער נאָז אין אייגענעם טינוף.

דאָ און דאָרט געלעכטער. שמועסן און װיכּוחים צװישן המון. אויב דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז דאָס, װאָס עס דאַרף זיין, װעל איך געצװוּנגען זיין צו בעטן פאַר זיי רחמים.

## פיליפפאָ:

חסד פאַר די, װעלכע װילן אונזער טויט!

## קאַמיל

פריילעך:

באַ! מיר װעלן סען־זשיוסטן באַשטימען פאַר אַ שול־לערער פון בלעראַנקור און ראָבעספּיערן פאַר אַ פאַרװאַלטער פון קירכן־אַרכיװ אין סען־אַמער. דאָ און דאָרט געלעכטער.

## העראָ

קװעטשט די באַקעס:

יי זענען נישט צום פאַרבעסערן. אַפילו אין װאָגן װעלן זיי נאָך האָפן.

## דאַנטאָן:

שוטים! באַשולדיקן דאַנטאָנען און דעמולענען אין באַקעמפן די רעפּובליק. איצט איז, װייזט אויס, בעסער צ באַטריאָט, װאָס נישט און דאַנטאָן אַן אַריסטאָקראַט!... דאָ און דאָרט געלעכטערס צװישן דער גרופּע, צו װעלכער דאַנטאָן װענדט זיך, און צװישן די געשװאָרענע פראַנקרייך װעט נאָך אַזוי גיך נישט אַראָפּשלינגען אַזעלכע שקרים. — צו א געשװוירענעם: האַלסטו אונז פאַר פאַרשװערער? זעט, ער לאַכט, ער גלויבט עס נישט. פאַרשרייב, אַז ער האָט געלאַכט.

## פוקיע

רייסט איבער איגמיטן זיין ארבעט:

כ'בעט אייך, איר זאָלט אויפהערן דידאָזיקע פריװאַטע שמועסן: דאָס געזעץ דערלויבט דאָס נישט.

## דאַנטאָן:

דו גייסט לערנען דיין טאַטן װי אַזוי מען מאַכט קינדער? געלעכטער און פריילעכע שמועסן אין משך פון דער גאַנצער צייט, װאָס דאַנטאָן שמועסט מיט זיינע פריינט דאָס האָב איך דאָך געגרינדעט דעמדאָזיקן טריבונאַל; כ'מוז דאָ װיסן װו אויס און װו איין.

לאמיל:

מיר נעמט ווידער אָן אַ חשק צו ליכט. נאָך מיט אַ רגע צוריק האָט עס מיר געשיינט צו זיין אויסגעלאָשן, טויט ווי אין אַ קבר.

דאַנטאַן:

נישט דאָס ליכט האָט צוריק באַקומען זיינע קאָלירן, נאָר דו. די ביסט דאָ נישט לאַנג געווען נישט אין דער בעסטער שטימונג.

קאַמיל:

איך פיל מיך אַזוי נידערגעשלאָגן צוליב מיין שוואַכקייט. מיין קערפּער איז אַ פּחדן.

דאַנטאָן:

דו אינטריגאַנט! דו האָסט געוואָלט געווינען סימפּאַטיע ביי די פרויען? דיר איז עס געלונגען. זע נאָר דאָס דאָזיקע מיידל אָן דאָרט, וואָס מאַכט דיר אויגן.

הערא

מילד:

מיינע אָרעמע פריינט, כ'האַב רחמנות אויף אייך.

דאַנטאָן:

פאַרוואָס, דו שיינער יונג?

הערא;

איר פאַרקויפט די פעל פון בער, בעת אייער אייגענע איז שוין אָפּגעשונדן.

דאַנטאָן:

מיין הויט? יאָ, איך ווייס, זי האַט בעלנים. סען-זשיוסט חלשט נאָך איר. נו גוט, זאָל ער זי קומען נעמען! געלינגט עס אים, איז מיינעטוועגן זאָל ער זי אויסשפּרייטן פאַר זיין בעט אַלס נאַכט-טעפּיך.

הערא:

צו וואָס נוצט דיר דאָס טומלען?

ער קוועטשט מיט די באַקעס און ווערט אַנטשוויגן. אין משך פון דערדאָזיקער צייט האָט טוקיע אָנגעשריבן אַ בריוו, וועלכן אַ וואַך-זעלנער נעמט און טראָגט אַוועק.



דער פאָרזיצער:

ביז מיר וועלן באַקומען דעם ענטפער פון קאָנווענט, וועלן מיר ממשיך זיין דעם פאַרהער.

די זשאַנדאַרמען פאָדערן אויף די אָנגעקלאָגטע ווידער צו פאַרנעמען זייערע פּלעצער. דאָס פאָלק מאַכט: ששש!... ששש!... צו פיליפּפּאָ:

אייער נאָמען, פאָרנאָמען, שטאַנד.

פיליפּפּאָ:

פּיער-ניקאָלאַס פיליפּפּאָ, פריערדיקער ריכטער אין איבער-געריכט פון לע מאַנס, פאָלקספאַרטרעטער אין קאָנווענט.

דער פאָרזיצער:

אייער עלטער?

פיליפּפּאָ:

פינף-און-דרייסיק יאָר.

דער פאָרזיצער;

בעת אייער מיסיע אין דער וואַנדעי האָט איר געפּרוווט צו פּאַ-ראַליזירן די נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקונג; דורך שענדלעכע פּאַמפ-לעטן האָט איר געוואָלט דיסקרעדיטירן דעם קאָמיטעט פון עפנט-לעכער רעטונג; איר האָט אָנטיילגענומען אין דער פאַרשווערונג פון דאַנטאָן און פאַבר, כדי אויפצוריכטן דאָס קיניגטום.

פיליפּפּאָ:

כ'האַב אַרויסגערופן דעם עפנטלעכן צאָרן קעגן די רויבערייען פון עטלעכע גענעראַלער. דאָס איז געווען מיין חוב: כ'האָב אים דערפילט.

דער פאָרזיצער:

אין דעם אומברחמנותדיקן קאַמף פאַר פראַנקרייכס עקסיסטענץ, איז אייער חוב געווען אָנצושפּאַנען אַלע כחות פון נאַציאָנאַלער טאַט. איר האָט זיי צעבראָכן.

פיליפּפּאָ:

ראָנסען און ראָסיניאָל זענען אַ שאַנדע פאַר דער מענטשהייט.

דאַוויד: ער איז פון דער וואַנדעי

**פוקיע-טענוויל:**

דו ביסט נישט געווען קיין פארטרעטער פון דער מענטשהייט, נאָר פון פאָטערלאַנד׳

**פיליפפא:**

מיין פאָטערלאַנד איז די מענטשהייט.

אייניקע בראַוואָ-און אַ סך פּראָטעסט-געשרייען.

**דער פאָרזיצער:**

די ראַיאַליסטן, וועלכע דערוואַרימען אייער מיטגעפיל און וועלכע ראָסיניאָל האָט אומגעבראַכט, האָבן דען רעספּעקטירט די מענטשהייט?

**פיליפפאָ:**

קיין זאַך אַנטשולדיקט נישט קיין פאַרברעכן.

**פוקיע-טענוויל:**

דער נצחון.

דאַחיד: בראַוואָ, פוקיע! — יאַ, יאַ, בראַוואָ!

**פיליפפאָ:**

באַשולדיקער, איך באַשולדיק דיך.

**קאַמיל:**

כ׳מאַך אויפמערקזאַם דאָס פאָלק אויף דידאָזיקע שענדלעכע ווערטער.

**פוקיע-טענוויל**

קוועטשט די באַרקעס:

זאָל דאָס פאָלק משפּטן!

דאָס פאָלק איז צעטיילט; עס האָט אַפּלאַדירט פוקיען און פירט ליצרעמדיקע שמועסן

**דאַנטאָן**

שטיל צו דעמולענען:

שוויַיג, דו אייזל! דו וואַרפסט שטיינער אין מיין גאָרטן.

**קאַמיל**

פאַרוואונדערט:

וואָס הייסט?



**דאַנטאָן:**

כ׳האָב נישט נאָר דאָס געזאָגט!

**דער פאָרזיצער**

צו וועסטערמאַנען:

אָנגעקלאָגטער, שטעלט זיך אויף.

אין פאָלק אַ פּאַראַ-ינטערעסירטער געמורמל: — וועסטערמאַן,,, וועסטערמאַן...

**וועסטערמאַן:**

איצט איז מיין ריי? צו אַלדי רוחות! פאָרויס!

**דער פאָרזיצער:**

אייער נאָמען?

**וועסטערמאַן:**

דו קענסט אים גאַנץ גוט.

**דער פאָרזיצער:**

אייער נאָמען!

**וועסטערמאַן**

קוועטשט די באַרקעס:

אָנשטעל-מאַכער!... פרעג אים ביים פאָלק.

**דער פאָרזיצער:**

איר זענט פראַנסואַ-זשאָזעף וועסטערמאַן, געבוירן אין עלזאַס, בריגאַדע-גענעראַל. איר זענט אַלט דריי-און-פערציק יאָר. איר האָט דאָס געזאָלט זיין די שווערד פון דער פאַרשווערונג. דאַנטאָן האָט אייך אַראָפּגעבראַכט צוריק קיין פּאַריז, אויף אָנצופירן מיט די חילות פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע. איר זענט אין אייער אַרמיי באַגאַנגען שוידערלעכע אכזריותן. איר זענט די סיבה פון דער מפּלה ביי שאַטיאָן. אין הסכם מיט פיליפפאָ האָט איר געהאַט די כּונה אומצוברענגען די פּאַטריאָטן, וועלכע איר זענט מחויב געווען צו פאַרטיידיקן.— אייער פאַרגאַנגענהייט זעט אויס גאַנץ קלאָגעדיק: דריי מאָל האָט מען אייך אָנגעקלאָגט אין גנבה.

**וועסטערמאַן:**

דו זאָגסט ליגנט, דו חזיר! געלעכטער אין פאָלק

### דער פאָרזיצער:

כ'וועל אייך צוריק שיקן אין תּפיסה אַריין פאַר באַליידיקן דעם געריכט, און כ'וועל אייך משפּטן אָן אַ פאַרהער.

### וועסטערמאַן:

צו פופצן יאָר בין איך שוין געווען אַ סאָלדאַט. דעם 10 אויגוסט האָב איך אָנגעפירט מיטן פאָלק ביים איינגעמען די טילעריע. כ'האָב געקעמפט ביי זשעממאַפּ. דיומוריע האָט מיר פאַרלאָזן אין האָלאַנד, אַרומגערינגלט מיט פיינט; כ'האָב צוריקגעבראַכט מיין לעגיאָן קיין אַנטווערפּן. דערנאָך בין איך געווען אין דער וואַנדעי; כ'האָב אַסוף געמאַכט צו שאַרעטס און קאַטעלינאָס רויבער-באַנדעס. סאַווענע, אַנסעניס, לע מאַנס זענען גוט געמיסטיקט מיט זייערע נבלות... דידאָזיקע מנוולים באַשולדיקן מיך, אַז כ'בין געווען גרויזאַם? זיי זאָגן צו ווייניק: כ'בין געווען ווי ווילד לגבי פּחדנים. וויל מען האָבן באַווייזן קעגן מיך? אָט זענען זיי: אין פאָנטאַרסאָן האָב איך מיין קאַוואַלעריע געלאָזט שיסן אויף מיינע אַנטלויפנדיקע זעלנער. אין שאַטיאָן האָב איך דורך שווערד-קלעפּ צעשניטן דאָס פּנים פון אַ אָפיציר אַ פּחדן. כ'וואָלט געלאָזט פאַרברענען מיין אַרמיי צוליבן נצחון, ווען דאָס וואָלט נויטיק געווען... כ'האָב גערויבט, זאָגסטו? וואָס גייט עס דיר אָן? איר זענט שוטים. כ'האָב געטאָן מיין זעלנער-מלאכה; כ'בין נישט קיין סוחר. מיין חוב איז צו פאַרטיידיקן די ערד פון פאָטערלאַנד מיט אַלע מיטלען; כ'האָב אים דערפילט אין משך פון דרייסיק יאָר, נישט שפּאָרנ-דיק מיין שווייס און מיין בלוט. כ'האָב באַקומען זיבן וווּנדן, אַלע פון פאָרנט; בלויז איינע האָב איך פון רוקן: מיין באַשולדי-קונגס-אַקט. געלעכטער און בראַוואָס

### דער פאָרזיצער:

איר האָט מערערע מאָל, פאַר עדות, באַנוצט זידל-ווערטער קעגן קאָנווענט. איר האָט געדראָט אומצוּוואַרפן דעם פּאַלאַץ אויף די רו נס פון די דעפּוטאַטן.

### וועסטערמאַן:

דאָס איז אמת. כ'האָס דידאָזיקע חשדישע און פלוידערישע כנופיא.



וואָס שטערט יעדע טאַט דורך איר קליינלעכער קנאה. כ'האָב גע-זאָגט, אַז דער קאָנווענט נויטיקט זיך אין אַ בעזים, און אַז איך וואָלט גענומען אויף זיך אויסצורייניקן דאָס מיסט.

געלעכטער און פּראָטעסטן

### פוקיע-טענוויל:

דו ביסט מודה אין דער פאַרשווערונג?

### וועסטערמאַן:

וואָס רעדסטו דאָרט וועגן אַ פאַרשווערונג! כ'האָב געטראַכט אַליין, כ'האָב געהאַנדלט אַליין. כ'בין נישט קיין פריינט פון קיין איינציקן פון די, וואָס זיצן דאָ. כ'האָב עטלעכע מאָל גערעדט מיט דאַנטאָנען, כ'אַכט זיין ענערגיע; אָבער אויך ער איז אַן אַדוואָקאַט און כ'האָב נישט קיין צוטרוי צו אַדוואָקאַטן. פראַנקרייך קען נישט געראַטעוועט ווערן דורך רעדעס, נאָר דורך שווערדן. עטלעכע צושטימונגס-שטימען און אַסך פּראָטעסטן. איי-ניקע הויבן אָן צו אַפּלאָדירן, דערנאָך ווערן זיי אויפגעבראַכט נאָך מער ווי די אַנדערע

### דער פאָרזיצער:

גענוג. דער ענין איז קלאָר.

### וועסטערמאַן:

גיליאָטינירט מיך! די גיליאָטינע איז אויך אַ שווערד-קלאַפּ. כ'בעט נאָר איינס: מ'זאָל מיך לייגן אויפן רוקן; כ'וויל דעם מע-סער טרעפן פּנים אל פּנים. עטלעכע אַפּלאָדיסמענטן און אַ באַוועגונג. מ'פילט, אַז דער המון סימפּאַטיזירט מיט וועסטערמאַנען; אָבער זי איבערוואַכט זיך און וואַרט אויף אַן איניציאַטיוו, כדי זיך צו שטעלן אויף זיין צד, אָבער די-דאָזיקע איניציאַטיוו קומט נישט.

וואַדיע און ביליאָ-וואַרען קומען אַריין. פוקיע שטעלט זיך אויף און דריקט זיי די הענט. דער המון ליאַרעמט: אַ! דער ענטפער! דער ענטפער! דער ענט-פער פון קאָנווענט! פון קאָנווענט!..

### ביליאָ-וואַרען

אינדערשטיל:

אויסוווּרפן! מיר האָבן זיי אין די הענט!

### וואַדיע

שטיל צו פוקיע

אָט דאָס וועט אייך צונויץ קומען.

### פוקיע

אויך שטיל:

מיר האָבן עס נויטיק געדאַרפט האָבן.

א באַוועגונג, — דערנאָך א טיף שטילשווייגן. פוקיע לייענט, שטייענדיק, — די ביידע קאָנווענט-רעפּוזאַטן שטייען לעבן אים.

### פוקיע

לייענט:

„נאָכן אויסהערן דעם באַריכט פון זיינע קאָמיטעטן פון עפנטלעכער רעטונג און פון אַלגעמיינער זיכערקייט דעקרעטירט דער נאַציאָנאַלער קאָנווענט, אַז דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל זאָל ממשיך זיין די אויספאָרשונג בנוגע דער פאַרשווערונג פון דאַנטאָן און די אַנדערע, א טיפע און שטומע באַוועגונג אַז דער פאָרזיצער זאָל אָנווענדן אַלע מיטלען, וועלכע דאָס געזעץ שטעלט אין זיין רשות, כדי אויפצוהאַלטן זיין אויטאָריטעט און כדי צו אונטערדריקן יעדן פרווו פון די אָנגעקלאָגטע צו שטערן די עפנטלעכע רו און שטערן דעם גאַנג פון געריכט, — ער דעקרעטירט, אַז יעדער אָנגעקלאָגטער אין דער פאַרשווערונג, וואָס וועט שטעלן א ווידערשטאַנד, אָדער זידלען דאָס נאַציאָנאַלע געריכט, זאָל תיכף אויסגעשלאָסן ווערן פון די געריכטס-פאַרהאַנדלונגען“.

געפּלעפּטקייט' דערנאָך א באַוועגונג. דער המון מורמלט און דאַן, שנעל אַנוואַקסנדיק, א פלוצלונגדיקער ליאַרעם, דער המון רעדט הויך, באַלעבט: „אָך? צו אַלדי רוחות, דאָס איז שטאַרק!“ ליאַרעמדיקע שמועסן. די אָנגעקלאָגטע, צוערשט גאַ־דערגעשלאָגן, ברעכן אויס אין העפטיקע אויסרופן.

### קאַמיל:

אַ שאַנדע! זיי דערשטיקן אונז!

באַוועגונג: יאָ! יאָ!

### פיליפּפּאָ:

דאָס זענען נישט קיין ריכטער, נאָר — קצבים!

### דאַנטאָן

צו פוקיע:

דו האָסט נאָך נישט אַלץ געלייענט. ס'איז דאָ נאָך עפּעס. דער שנטפער! דער ענטפער אויף אונזער פאָדערונג!

דאָס פאָלק: יאָ! יאָ! דער ענטפער!



### דער פאָרזיצער:

רויק!

### פוקיע

ביי א אייזיקן שטילשווייגן:

דער קאָנווענט פאַרעפנטלעכט דעם פאָלגנדיקן בריוו, וועלכן די קאָמיטעטן האָבן באַקומען פון דער פאָליציי-אַדמיניסטראַציע, כדי דער טריבונאַל זאָל איינזען, וואָסער סכנה עס דראָט דער פרייהייט.

א באַוועגונג פון נייגעריקייט. די מענשן פרעגן זיך נאָך איינער ביים צווייטן.

פוקיע לייענט: „פּאַריזער קאָמונע“ ווידער א שטילשווייגן. „אויפן גרונט פון א בריוו, וועלכן ס'האָט געשריבן צו אונז דער שומר פון לוקסעמבורגער אַרעסט-הויז, זענען מיר, אַדמיניסטראַטאָרן פון פאָליציי-דעפּאַרטאַמענט, תיכף ומיד אַוועק אין דערמאָנטן אַרעסט-הויז, און מיר האָבן אַרויסגערופן צו זיך דעם בירגער לאַפלאָט, געוועזענעם מיניסטער פון דער רעפּובליק אין פלאָרענץ, וועלכער ווערט געהאַלטן אין דעם דערמאָנטן אַרעסט-הויז אומגעפער זייט זעקס טעג; דערדאָזיקער האָט אונז דערקלערט, אַז נעכטן, צווישן זעקס און זיבן אַזייגער אין אָוונט, בעת ער איז געווען אין צימער פון בירגער גענעראַל אַרטור דילאָן, האָט אים דער דערמאָנטער דילאָן אַוועקגענומען אין אַזייט און געזאָגט, אַז מ'דאַרף שטעלן א ווידערשטאַנד דער אונטערדריקונג, אַז די מענער פון גייסט און מוט, וועלכע ווערן געהאַלטן אין לוקסעמבורג און אין אַנדערע אַרעסט-הייזער, וואָלטן זיך געדאַרפט פאַרייניקן; אַז דעמולענס פרוי האָט גע שטעלט אין זיין רשות טויזנט טאַלער, כדי צו קענען אויפהעצן דעם המון אַרום רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל“...

באַוועגונג

### קאַמיל

אויסער זיך:

נידערטרעכטיקע! ס'איז זיי ווייניק, וואָס זיי דערמאָרדן מיך, ווילן זיי נאָך דערמאָרדן מיין ווייב אויך! —

ער רייסט זיך די האָר פון קאָפּ.

**דאַנטאָן**

חייזגדיק פוקיען א פויסט;

אויסוואָרפן! אויסוואָרפן! זיי האָבן אויסגעטראַכט דידאָזיקע פאַר-שווערונג, כדי אונז אומצוברענגען!

א באַוועגונג אין פאָלק: עס איז מסכים און איז אויפגעבראַכט. — דער ליאַרם האַלט אָן אין משך פון פוקיעס ווייטערדיקן לייענען, און ברעכט דערנאָך אויס מיט מער העפטיקייט.

**פוקיע**

לייענט ווייטער, באַהערשנדיק דעם טומל, און ס׳געלינגט אים צו געווינען דעם אינ-טערעס פון המון

„לאַפלאָט האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַן אָנשטעל, אַז ער טיילט זיי-ערע אידעען, כדי צו דערגיין גענוי זייער פּלאַן. דילאָן, גלויבנ-דיק, אַז ער האָט אים געוווּנען פאַר זיין שענדלעכער פאַרשווע-רונג, האָט אים איבערגעגעבן די פּרטים פון פאַרשידענע פּלענער. לאַפלאָט שטעלט זיך אין רשות פון קאָמיטעט פאַר עפנטלעכער רע-טונג כדי אים צו אינפאָרמירן די איינצלהייטן..."

די אויפגעבראַכטקייט פון המון פאַרשלינגט זיין שטימע

**קאַמיל**

חי מטורף:

פאַרזעעניש! קאַניבאַלן!

ער צעקנייטשט די פּאַפּירן, וועלכע ער האַלט אין האַנט, און וואַרפט זיי אין פוקי-עס קאָפּ. — צום פאָלק:

צו הילף! צו הילף!

ווילדע אויסגעשרייען

**דאַנטאָן**

מיט א דונער-שטים:

פחדנותדיקע מערדער, כל זמן איר זענט נאָך דאָ אויבן, לאָזט אונז צובינדן צו דערדאָזיקער באַנק. נעמט א מעסער און שחט אונז! דאָס פאָלק איז גערירט, פאַראינטערעסירט. עס יובלט און אַפּלאָדירט: ער האַלט ביים פלאַצן! ער שוימט! ער איז פּראַכטפול! סאַרא שטימע ער האָט!... בראַוואָ!

**פיליפּאָ:**

א טיראַניע!



**דאַנטאָן:**

פאָלק, זיי דערמאָרדן אונז, זיי שחטן דיך מיט אונז צוזאַמען! מ׳דערמאָרדעט דאַנטאָנען! פאַריז, הויב זיך אויף! הויב זיך אויף!

צוויי שטימען אין דער טיף, דערנאָך אַלע: טיראַניע!

**וועסטערמאַן:**

צום וואָפן!

אומגעהייערער רעש אינעווייניק און פון דרויסן. דאָס גאַנצע פאָלק: צום וואָפן! דער טומל פאַרשטיקט די שטימען. קוים וואָס מ׳הערט דאַנטאָנס ברילעריי, אינ-מיטן פון שטורעם. ער וואַרפט זיך אויף וואַדיע, וועלכן די זשאַנדאַרמען און דער טיש פון פאָרזיצער טיילן אָפּ פון אים. ער ווייזט אים די פויסט. דער המון ברילט אויף וואַדיע, וועלכער לאָזט אַריבערגיין דעם שטורעם מיט א געבויגענער פּלייצע, און קוקט, מיט א זייטיקן בליק, מיט אַן איראָנישן און רשעותדיקן אינדיפערענטיזם

**פוקיע**

בלייך, דערשיטערט, — צו די ביידע קאָנוועגס-דעפּוטאַטן:

וואָס טוט מען? יעדע רגע קען זיך דער המון אַ וואָרף טאָן.

**בילאָ:**

באַנדיטן!... האַנריאָ, ראַם אָפּ דעם זאַל.

**וואַדיע:**

דאָס וועט זיין א סיגנאַל צום קאַמף, און ווער ווייס צי מיר וועלן זיין די שטאַרקערע?

**פוקיע**

וועלכער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער:

דער המון אויפן ברעג איז צערייצט. ער קען אויפברעכן די טיר.

**דאַנטאָן:**

פאָלק, מיר קענען אַלץ, מיר האָבן טריומפירט איבער מלכים, איבער די אַרמייען פון אייראָפּע! צום קאַמף! לאָמיר פאַרניכטן די טיראַנען.

**וואַדיע**

צו פוקיע:

קודם כל, פיר זיי אָפּ צוריק אין תפיסה; פאַרשפּאַר אין א ווינקל דעמדאָזיקן שרייער.

### דאַנטאָן

ווייזנדיק אַ פּויסט וואַדיען!

זעט נאָר דידאָזיקע פּחדנותדיקע מערדער! ביז צום טויט וועלן זיי אונז באַגלייטן פון הינטן... וואַדיע! וואַדיע! הונט! קום אַהער. אויב ס'איז שוין יאָ אַ קאַמף פון קאַניבאַלן, טאָ זאָלן זיי כאַטש קומען און קעמפן מיט מיר פאַר מיין לעבן מיט פויסט-קלעפּ!

### וואַדיע

צו פוקיע:

באַשולדיקער, פיר אויס דעם דעקרעט. דאָס פאָלק: וואַדיע, אויף דער לאַמטערנע!

### פוקיע-טענוויל

דער טומל ווערט שטילער, ווען דער פאָרזיצער קלאַפּט אויפן טיש:

די מוראדיקע אומפאַרשעמטקייט, מיט וועלכער די אָנגעקלאָגטע פאַרטיידיקן זיך, די זידלערייען, די דראָונגען, וועלכע זיי האָבן די חוצפה צו וואַרפן אין פּנים פון טריבונאַל, צווינגען אים אָנצונעמען מיטלען, וואָס זאָלן זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו דער ערנסטקייט פון די באַדינגונגען. דעריבער פאָדער איך, אַז די שולד-פראַגן זאָלן געשטעלט ווערן און דער אורטייל זאָל אַרויסגעטראָגן ווערן אין דער אָפּוועזנהייט פון די אָנגעקלאָגטע.

אין פאָלק הערשט בעפּלעפטקייט און שטומע אויפרעגונג. גלייך נאָכדעם, אין גאַנצן משך פון דער סצענע, איז דאָס פאָלק באַוועגט און עס רעדט, — ווי באַהערשט פון עפּעס אַ פיבער

### דער פאָרזיצער:

דער טריבונאַל וועט זיך וועגן דעם באַראַטן. זעצט ווידער אויס די אָנגעקלאָגטע. עס שיינט, אַז דאַנטאָן האָט נישט פאַרשטאַנען; ער כאַפּט קוים אָפּ דעם אָטעם און לאָזט אַרויס אַ בריל פון אַ חיה

### וואַדיע

מיט אַ נידריקן קול:

שריי, מיין ליבינקער, שריי! ביזט שוין אָפּגעפּאַרטיקט.

### העראָ

הויבט זיך אויף און שטויבט אָפּ זיינע בגדים:

ס'איז געענדיקט.



### דאַנטאָן

לאָזט זיך אַרויסשלעפּן דורך די זשאַנדאַרמען צו זיין באַנק און לאָזט זיך אַראָפּ אויף איר אַ צעשמעטערטער:

פאַרשפּילט!... פלוצלונג, אינמיטן פּאַראָקסיזם פון צאָרן-אויסברוך, באַהערשט ער זיך רויק, דאַנטאָן, רויק! דער גורל איז דערפּילט.

### קאַמיל

שרייט:

איך בין ראָבעספּיערס פריינט! כ'קען נישט פאַרמשפּט ווערן...

### וועסטערמאַז

צו דאַנטאָנען:

רערלאָז נישט, דערדאָזיקער שוטה זאָל זיך שענדן.

### דאַנטאָן

געפּלעפּט:

זיי זענען מטורף. אָרעמעס לאַנד, וואָס וועט פון דיר ווערן, ווען מ'רויבט צו ביי דיר דעמדאָזיקן קאָפּ?

### העראָ

צו דעמו[illegible]ענען:

מונטער, מיין פריינט, לאָמיר ווייזן, אַז מיר ווייסן ווי צו שטאַרבן.

### דאַנטאָן:

מיר האָבן גענוג געלעבט, כדי איינצושלאָפן אין שויס פון רום; זאָל מען אונז פירן צום עשאַפאָט!

### קאַמיל:

אָ, מיין ווייב! אָ, מיין זון! כ'וועל אייך שוין מער נישט זען!... ניין, דאָס קען נישט זיין. מיינע פריינט, מיינע פריינט, צו הילף!

### דער פאָרזיצער:

פירט אַוועק די אָנגעקלאָגטע.

### דאַנטאָן:

זיי דאָך שטיל און לאָז צורו דידאָזיקע נידערטרעכטיקע מנוולים

### העראָ

ווי ער וואָלט זיך איילן אַ סוף מאַכן דערמיט, בייט צו צו פאַברען, נישט וואַרטנדיק אויף די זשאַנדאַרמען, וועלכע הייסן די אָנגעקלאָגטע אויפשטיין:

גיב מיר דיין אָרעם, מיין פריינט: אָט איז דער סוף פון דיינע ליידן.

**פאַבר ד'עגלאַנטין:**

מיר האָבן געהאַט אַ שיינע פאָרשטעלונג פאַרן שטאַרבן.

**דאַנטאָן:**

נו, פאַבר, כ'מיין דיך נישט צו באַליידיקן: דאָס איז אַ פּיעסע, וואָס שטייגט איבער דיינע!

**פאַבר:**

די האָסט מיין לעצטע נישט געלייענט; עס זענען דאָ אין איר גוטע זאַכן. כ'ציטער, אַז קאָללאָ ד'הערבואַ זאָל נישט פאַרניכטן דעם מאַנוסקריפּט. ער איז מיר מקנא.

**דאַנטאָן:**

זיי געטרייסט, דאָרט אונטן וועלן מיר אַלע מאַכן דאָס, וואָס די האָסט געטאָן דיין גאַנץ לעבן.

**פאַבר:**

וואָס, למשל?

**דאַנטאָן:**

ווערים*).

**הערא:**

דער קאָנווענט וועט מאָרגן זיין נישקשהדיק ליידיק. כ'געניץ ביים געדאַנק, אַז די, וועלכע לעבן אונז איבער, וועלן זיין פאַרמשפּט צו הערן, נישט איינשלאָפנדיק פאַר איינשלאָפן טויט-שטראָף! ראָבעספּיערן און סען-זשיוסטן, סען-זשיוסטן און ראָבעספּיערן.

**דאַנטאָן:**

זיי וועלן זיי נישט לאַנג הערן. כ'עפן די גרוב, ראָבעספּיער וועט מיר דאָרט נאָכפאָלגן.

**פאַבר:**

און פונדעסטוועגן וואָלט איך גערן צוגעזען די כאַראַקטער-אַנט-וויקלונג פון געוויסע קליינע מנובלים: באַרראַס, טאַליאַן, פושע. אָבער מ'טאָר נישט פאַרלאַנגען צו פיל. קום, לאָמיר גיין, הערא.

זיי גייען ארויס.

---

*) אַ וואָרט-שפּיל, וואָס לאָזט זיך נישט איבערגעבן אין יידיש. „ווער" הייסט אין פראַנצויזיש ווערים און פערזן. (דער איב.)



**אמיל:**

איך וויל נישט אַוועקגיין! איר ווילט מיך דערמאָרדן אין תפיסה. צו הילף! צו הילף! אָ, פאָלק, איך האָב געשאַפן די רעפּובליק! פאַרטיידיקט מיך, איך האָב אייך פאַרטיידיקט!... איר וועט מיך נישט אַוועקשלעפּן פון דאַנען, איר פאַרזעעניש! פחדנים! מער-דערס!... אַך! ליוציל! האָראַץ! געליבטע! געליבטע!

דאָס פאָלק: ניין, ניין, דאָס איז צופיל, דאָס איז פחדנות! אָרעמער קליינער, לאָזט אים, מ'דאַרף אים נישט פאַרמשפּטן! דער המון איז שטאַרק גערירט, ער וויל האַנדלען, אָבער ער דערוועגט זיך נישט; מ'שפּירט אָבער אַז דער אויפשטאַנד ברויזט אויף. מ'טראָגט אוועק קאַמילן, אַ ברילנדיקן.

**דאַנטאָן**

גערירט:

און אויך איך האָב אַ ווייב, קינדער. — זיך נעמענדיק אין די הענט מונטער, דאַנטאָן, נאָר נישט קיין חולשה.

**וועסטערמאַן**

צו דאַנטאָנען:

פאַרוואָס נוצטו נישט אויס די גערירטקייט פון פאָלק? עס איז גרייט זיך וואַרפן אין קאַמף.

**דאַנטאָן:**

דידאָזיקע מנובלים! לאָז שוין צורו!... אַן עולם שלעכטע קאָמע-דיאַנטן! זיי אַמוזירן זיך מיט דער פאָרשטעלונג, וועלכע מיר גיבן פאַר זיי; זיי זענען דאָ, כדי צו אַפּלאָדירן דעם נצחון. כ'האָב זיי צופיל איינגעוווינט צו האַנדלען פאַר זיי.

**וועסטערמאַן:**

טאָ האַנדל!

**דאַנטאָן:**

צו שפּעט. — און, אַגב, פייף איך אויף דעם. די רעפּובליק איז פאַרלאָרן: כ'וויל ליבערשט שטאַרבן פריער.

**וועסטערמאַן:**

אָט דאָס איז די פרוכט פון דיינע וואַקלעניש. פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געפּעדערט פאַר ראָבעספּיערן!

## דאנטאָן:

אָן אונזערע ביידנס קעפּ קען די רעוואָלוציע נישט לעבן. כ'האָב זיך געקענט פאַרטיידיקן נאָר דורך אומברענגען אים. כ'האָב מער ליב די רעוואָלוציע, ווי זיך.

וועסטערמאַן גייט צרויס

## פיליפּפּאָ:

קום, דאַנטאָן, ס'איז אַ טרייסט צו שטאַרבן, ווי מען האָט געלעבט.

## דאַנטאָן:

כ'בין באַגאַנגען אַלע פאַרברעכנס פאַר דער פּו ייהייט. אַלע שרעקלעכע אויפגאַבעס, פאַר וועלכע די צביעות פון די אַנדערע האָט זיך אָפּגעשראָקן, האָב איך אָנגעלאָדן אויף מיין פּלייצע. כ'האָב אַלץ מקריב געווען פאַר דער רעוואָלוציע, און איצט זע איך איין, אַז ס'איז אומזיסט. דידאָזיקע פרוי האָט מיר אָפּגענאַרט; מיך איז זי מקריב היינט; ראָבעספּיערן וועט זי מקריב זיין מאָרגן; זי וועט זיך אָפּגעבן דעם ערשטן בעסטן אַוואַנטוריסט, וועלכער וועט אַריינגיין אין איר בעט. — מילאָ! כ'באַדויער קיין זאַך נישט; כ'האָב זי ליב. כ'בין צופרידן, וואָס כ'האָב זיך געשענדעט צוליב איר. כ'באַקלאָג די אָרעמע ברואים, וועלכע האָבן נישט געריבן זייער הויט אין דער הויט פון דער פרייהייט. האָט מען איינמאָל געקושט דידאָזיקע געטלעכע זונה, מעג מען שטאַרבן: מ'האָט געלעבט!

ער גייט אַרויס מיט פיליפּפּאָ

## פוקיע-טענוויל:

כ'בעט די געשוואָרענע צו דערקלערן, אויב זיי זענען גענוג אינפאָרמירט.

## דער פאָרזיצער:

די געשוואָרענע גייען אַרויס, כדי זיך וועגן דעם צו באַראַטן.

די געשוואָרענע גייען ארויס.

דער המון איז צעוויגט, אומאַנטשלאָסן, שלעכט אויפגעלייגט. — אינדרויסן הערט מען דאַנטאָנס שטימע און די געשרייען פון פאָלק. — דאָס פובליקום שטויסט זיך ביי די פענסטער. אויך אייניקע מיטגלידער פון טריבונאַל קוקן ארויס דורכן פענסטער, די, וואָס געפינען זיך אין זאַל חזרן איבער די ווערטער, וואָס דערטראָגן זיך פון דרויסן, צוערשט אינדערשטיל, דערנאָך העכער. דער געריכטשרייבער,



זיך ארויסבויגנדיק פון פענסטער: אט גייען זיי ארויס! דאָס פאָלק, וואָס שטייט נעבן אים, שטופּט זיך, כדי צו זען: זעט נאָר! זעט... דער געריכטשרייבער: דעמולען ברילט און שלאָגט זיך. אַ מיידל: דער אָרעמערזעבעך? ער איז משוגע; זיינע קליידער זענען צעריסן; זיין ברוסט נאַקעט! דער שרייבער: דאַנטאָן רעדט. דאָס פאָלק: הערט! אינדרויסן הערט זיך דאַנטאָנס שטים. דאָס פאָלק אינדרויסן: זאָל לעבן דאַנטאָן! פוקיען אויפן לאַמטערן! דאָס פאָלק אינעווייניק חזרט איבער די געשרייען פון דרויסן:

זאָל לעבן דאַנטאַן, אַ טויט פוקיען!

## פוסיע:

דער אויפשטאַנד הויבט זיך אָן. מיר וועלן צעריסן ווערן אויף שטיקער.

## וואַדיע:

לאָמיר נישט צולאָזן, אַז דידאָזיקע געשרייען זאָלן באַאיינפלוסן די געשוואָרענע. לאָמיר זיי גיין אויפקלערן!

זיי גייען ארויס. דער המון פּראָטעסטירט קעגן וואַדיע און פוקיע, וועלכע גייען אריין אין צימער פון די געשוואָרענע. דער טייל פובליקום, וואָס איז וייט פון פענסטער: וואַדיע, דאָס גייט נישט! וואַדיע! דאָס איז אומגערעכט! דאָס איז נישט קיין גערעכטיקייט! אַנדערע, וואָס שטייען נאָנט פון פענסטער, קוקן וייטער ארויס: דער שרייבער; מ'לויפט נאָך די קאַרעטע. מ'פּאַכעט מיט די היטלען. דער המון: אך! אך!... דער שרייבער! זיי האָבן אראָפּגעשליידערט אַ זשאַנדאַר פון פערד! דער המון: בראַוואָ! מ'דאַרף נישט דערלאָזן זיי זאָלן אים פאַראורטיילן!... די אַנדערע, מהיכי-תיתי, אָבער נישט דאַנטאָנען! באַפרייט דאַנטאָנען! אַ באַטויבנדיקער טומל אינעווייניק און אינדרויסן.

## דער פאָרזיצער

דערשראָקן:

בירגער... די הייליקייט פון טריבונאַל... די אַכטונג פאַר דער גערעכטיקייט...

דער טומל דערשטיקט זיין שטים. געשרייען: דאַנטאָן! מיר ווילן דאַנטאָנען!

## דער פאָרזיצער:

זיי פאַרפלייצן אינז. זיי וועלן אַלעמען אויסמאָרדן!

ער טרעט אָפּ צום ארויסגאַנג, די האַנט אויף דער קליאַמקע. דער ווילד-געוואָרענער המון צעברעכט די בייגק, פאַרפלייצט דעם טריבונאַל און רופט אויס טויטדראָונגען: דאַנטאָן! דער קאָמיטעט דערמאָרדעט פּאַטריאָטן! אַ טויט דעם קאָמיטעט!

## סען-זשיוסט

קומט אריין. דאָס פאָלק ווערט פלוצלונג אנטשוויגן, איבערגעשראָקן: „סען-זשיוסט..„ סען-זשיוסט״... א ציטער לויפט דורך דעם המון. א יונגער מענטש, וועלכער האָט אנגעהויבן צו שרייען: „באפרייט דאנטאָנען!״ האקט איבער אינמיטן, און בלייבט שטיין מיט אן אָפענעם מויל. סען-זשיוסט קוקט דעם המון קאַלט און שטרענג אין פנים. דער המון טרעט אָפּ הינטערזיך. עטלעכע רגעס הערשט אייזיקע שטיל-קייט. דערנאָך הויבט זיך ווידער אָן דאָס געמורמל, אָבער שוין נישט אזוי העפטיק. א פרוי, אייגע אליין: פרייהייט פאר דאַנטאָנען, סען-זשיוסט! עטלעכע שטימען דאנטאָנס באַגנעדיגונג! — א געמורמל.

## וואַדיע

קומט אריין גלייך נאָך סען-זשיוסטן און נוצט אויס די רגעדיקע רו:

**בירגער, די לעבנסמיטל-קאָמיסיע פון דער רעפּובליק...**

דער המון צישעט צו די, וואָס ריידן: האָ? וואָס? רויק!

## וואַדיע

רעדט ווייטער....

**גיט צו וויסן דעם פובליקום, אַז היינט אָוונט קומט אָן אַ טראַנס-פאָרט מעל און האָלץ אין פאָרט פון בערסי.**

ס'אנטשטייק א גרויסער רעש. אנ'אלגעמיינער כאאָס: לאָז מיר דורך! — נאָך מיר, אדרבה! — כ'אייל מיך! — נו, און איך? — דו קענסט ווארטן; — צו אלדי רוחות! — שנעל! — ווארט, איך וויל זען דעם סוף. צוויי אלטע בירגער: לאָמיר ג״ן אָן געפילדער, און לאָזן זיי שרייען. שריט נאָך שריט קומט מען אָן גאר ווייט. אן אלגעמיינער גערודער. דער המון שטופּט זיך און שלאָגט זיך, כדי ארויסצוגיין וואָס פריער. בלויז א קליינע צאָל פארעקשנטע נייגעריקע בלייבט ביזן סוף פון פראָצעס.

## וואַדיע

קוקט מיט א שפּאָט-בליק אויפן המון;

**דאָס האַרץ איז גוט, אָעבר דער מאָגן — בעסער.**

די געשוואָרענע קומען אריין. די אייגטאָגיקע פראגן פון פאָרזיצער פארלירן זיך אין די געשרייען פון ארויסגייענדיקן המון. דער טומל אין דרויסן ווערט לאנגזאם געזעמפט און הערמאנס שטים ווערט דייטלעכער געהערט. דער אורטייל ווערט ארויסגעטראָגן אין א טויט-שטילקייט.

## דער פאָרזיצער

צו די געשוואָרענע:

**בירגער געשוואָרענע,—עס האָט עקזיסטירט אַ פאַרשווערונג, וועלכע האָט געהאַט אַלס ציל צו אונטערגראָבן און דערנידעריקן די נאַ-**



ציאָנאַלע פאַרטרעטונג, אויפצוריכטן די מאָנאַרכיע און צו צעשטערן דורך שוחד די רעפובליקאַנישע רעגירונג. — איז זשאָרזש-זשאַק דאַנטאָן, אַן אַדוואָקאַט, דעפּוטאַט פון נאַציאָנאַלן קאָנווענט, באַ-טייליקט געווען אין דערדאָזיקער פאַרשווערונג?

### דער עלטסטער פון די געשוואָרענע:

יאָ.

### דער פאָרזיצער:

איז לוצי-סימפּליס-קאַמיל דעמולען, אַן אַדוואָקאַט, דעפּוטאַט פון קאָנווענט, באַטייליקט געווען אין דערדאָזיקער פאַרשווערונג?

### דער עלטסטער פון די געשוואָרענע:

יאָ.

### דער פאָרזיצער:

איז מאַרי-זשאַן העראָ-סעשעל. גענעראַל-פּראָקוראָר, דעפּוטאַט פון קאָנווענט, באַטייליקט געווען אין דערדאָזיקער פאַרשווערונג?

### דער עלטסטער פון די געשוואָרענע;

יאָ.

### דער פאָרזיצער:

איז פיליפּ-פראַנסואַ-נאַצאַרי פאַבר, מיטן צונאָמען ד'עגלאַנטין, דעפּוטאַט פון קאָנווענט, באַטייליקט געווען אין דערדאָזיקער פאַרי-שווערונג?

### דער עלטסטער פון די געשוואָרענע:

יאָ.

### דער פאָרזיצער:

איז פיער-ניקאָלאַס פיליפּאָ, אמאָליקער ריכטער, דעפּוטאַט פון קאָנווענט, באַטייליקט געווען אין דערדאָזיקער פאַרשווערונג?

### דער עלטסטער פון די געשוואָרענע;

יאָ.

### דער פאָרזיצער:

איז פראַנסואַ-זשאָזעף וועסטערמאַן, בריגאַדע-גענעראַל. באַטייליקט געווען אין דערדאָזיקער פאַרשווערונג?

## דער עלטסטער פון די געשוואָרענע:

יאָ.

### פוקיע-טענוויל:

איך פאָדער די אָנווענדונג פון געזעץ.

### דער פאָרזיצער:

געמענדיק דאָס אין אַכט, טראָגט אַרויס דער טריבונאַל איבער זשאַרזש-זשאַק דאַנטאָן, לוצי-סימפּליס-קאַמיל דעמולען, מאַרי-זשאַן העראָ-סעשעל, פיליפּ-פראַנסואַ-נאַצאַרי-פאַבר, מיטן צונאָמען ד'עגלאַנטין, פיער-ניקאָלאַס פיליפּפאָ, פראַנסואַ-זשאָזעף וועסטערמאַן אַ טויט-אורטייל; — ער באַפעלט, אַז דעו דאָזיקער אורטייל זאָל זיי איבערגעגעבן ווערן צווישן דיביידע קראַטעס פון אַרעסט-הויז פון דער קאַנסיערזשערי דורכן סעקרעטאַר פון טרי-בונאַל; — ער זאָל אויסגעפירט ווערן היינטיקן טאָג, דעם 16 זשערמינאַל אויפן רעוואָלוציע-פּלאַץ.

דער המון צעגייט זיך. דאַוויד און זיינע פריינט: העז לאָמיר גיין! די חיה ליגט אויף דר'ערד, מיר וועלן פארזוכן דאָס פריש-געשחטענע, בלוט-טריפנדיקע פלייש... זאָל לעבן דער קאָנוועגט! — זיי גייען ארויס. צוויי אלטע בירגער, אינדערשטיל: — וואָס זאָגט איר דערצו? קומט, מימוז שווייגן. אז מען לעבט, ווערט מען אלט. זיי צוקן מיט די אקסלען, שאָקלען מיטן קאָפּ און דערווייטערן זיך מיט פּחד. אינ-דרויסן הערט מען א ווייטן ליאַרעם, וואָס ווערט ביסלעכווייז שטילער און שטילער. סען-זשיוסט, וואַדיע, ביליאָ-וואַרען בלייבן שטיין פאָרנט אויף דער סצענע, קוקן זיך אָן שטום און פאַרביסן.

### וואַדיע:

דער צעפוילטער קאָלאָס איז צעשטערט. די רעפּובליק אָטעמט פריי אָפּ.

### ביליאָ-וואַרען

אָנקוקנדיק סען-זשיוסטן מיט א ווילדן בליק:

די רעפּובליק וועט פריי זיין ערשט דאַן, ווען קיין דיקטאַטאָרן וועלן מער נישט זיין.

### סען-זשיוסט

אָנקוקנדיק שאַרף וואַדיע און ביליאָ:

די רעפּובליק וועט זיין ריין ערשט דאַן, ווען קיין רויב-מענטשן וועלן מער נישט זיין.



### וואַדיע

שפּאָטיש:

די רעפּובליק וועט זיין פריי, די רעפּובליק וועט זיין ריין ערשט דאַן, ווען די רעפּובליק וועט מער נישט זיין.

### סען-זשיוסט:

אידעען נויטיקן זיך נישט אין מענטשן. פעלקער שטאַרבן, כדי באָט זאָל לעבן.

